# דאָס פאָלק ישראל



פון

**יעקב גוראָוו**

שיקאגא, אילל.
1936

צום אָנדענקונג פון מיין ברודער,
הבחור העילוי, ברוך גוראָוויטש.

אם אשכחך, אחי, תשכח ימיני...

# אינהאַלט

בראשית — וירא

שמות — פקודי

ויקרא — אמור

במדבר — מסעי

דברים — ואתחנן

# אידישקייט און הומאַניטעט

„ויגש אברהם ויאמר: האף תספה צדיק עם רשע... השופט כל הארץ לא יעשה משפט״? (בראשית י״ח, כ״ג-כ״ו). און אברהם האָט גענענט און האָט געזאָגט: ניט-שוין וועסטו אומברייינגען דעם אומשולדיקן מיט דעם שולדיקן?... זאָל דער ריכטער פון דער גאַנצער ערד ניט טאָן גערעכ-טיגקייט?

אברהם אבינו, דער גרויסער צדיק, דער גרויסער מאמין, האָט פלוצלונג פאַרלאָרן זיין אמונה אין דעם „שופט כל הארץ״ — אין דעם ריכטער פון דער גאַנצער ערד, דאָס ער וועט טאָן גענוג גערעכטיגקייט צו דעם צדיק, און ער וועט אים רעטן פון דעם זעלבן אומגליק, וואָס ער ברייינגט אויפ׳ן רשע, און אברהם קומט צו מיט א טענה צום רבונו של עולם: „האף תספה ולא תשא למקום למען חמישים הצדיקים אשר בקרבה״? — ניט-שוין וועסטו זיי אומברייינגען, און וועסט ניט פארגעבן דעם אָרט פון וועגן די פופציק אומשולדיקע וואָס אין איר?

„היפלא מד׳ דבר״? — איז דען א זאך פארמיטן פון גאָט? ווארום האָט זיך אברהם געמאַכט אזוי נאַאיוו? איז דען א סברא, אז ער האָט ניט געהערט פון דער געשיכטע ווי אזוי נח איז געראַטעוועט געוואָרן פון מבול? און וואס איז מכח לוט׳ן? האָט דען אברהם ניט געוואוסט, אז איינער פון די צוויי מלאכים, וועלכע זיינען אוועק קיין סדום, גייט מציל זיין לוט׳ן? — „הרבה שליחים למקום״ — דער רבונו של עולם האָט פילע וועגן דורך וועלכע ער קען רעטן א מענטשן, — טאָ ווי קומט עס צו אברהם׳ן צו פרעגן אזא קשיה — „האף תספה ולא תשא למקום״?

ניין, ניט פאר די צדיקים, נאָר פאר די רשעים פון סדום

האָט אברהם מתפלל געווען צום רבונו של עולם. ווייל קיין צדיקים, אויסער לוט'ן, זיינען, ווי עס ווייזט אויס, ניט געווען אין דער זינדיקער שטאָט סדום. וואָלטן דאָרט יאָ געווען צדיקים (אין פולן זינען פון ווארט), וואלטן זיי געווען באַוואוסט ניט ווייניקער ווי נח איז געווען באַוואוסט אין זיין צייט (וואס האבן דען געמיינט די ווערטער: „את האלהים התהלך־נח", אויב ניט: באַגיין זיך ארענטלאך מיט מענטשען?) און לוט — אין זיין צייט. אברהם האָט אבער ניט געקענט בעטן דעם רבונו של עולם דירעקט פאר די רשעים, נאָכדעם ווי דער רבונו של עולם אליין האָט אראָפּגעניידערט קיין סדום צו זען וואס דאָרט קומט פאר („ארדה נא ואראה"; שם י"ח, כ"א), און דארום האָט אברהם זיך גע־מוזט באַנוצן מיט דער „פּאָליטישער" קשיה פון „האף תספה"? . . .

שלמה המלך האָט געטאָן די זעלבע זאַך: „וגם על הנכרי אשר לא־מעמך הוא... אתה תשמע השמים מכון שבתך ועשית ככל אשר־יקרא אליך הנכרי"... (מלכים א' ח', מ"א—מ"ד).

אין זיין גרויסער תפילה צום רבונו של עולם, וואס שלמה המלך האָט מתפלל געווען אין בית המקדש, אזוי שנעל ווי עס איז פארענדיקט געווארן (אין דעם יאָר 959 פאר דער קריסטלאַכער צייט רעכענונג), האָט ער אויך אין זינען געהאַט דעם פרעמדן; און ער בעט גאָט אז ער זאָל מקבל זיין זיין תפילה (פון דעם ניט־אידן) און זאָל ערפילן זיין באַגער.

א גרויסע נאציאָנאַל־רעליגיעזע שמחה, — די גרעסטע שמחה וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט איבערגעלעבט פון דער צייט פון „יציאת מצרים"! צעהנדליקע טויזנטער אידן פון גאַנץ ארץ ישראל האָבן זיך פארזאמלט אין דעם הויף פון בית המקדש צו פייערן די גרויסע שמחה פון "חנוכת הבית" פון דעם ערשטן בית המקדש. — ווער קען דאַן דיינקען פון דעם פרעמדן? און שלמה המלך, דער קעניג פון דעם אידישן פאָלק, שטעלט זיך אוועק, בשעת מעשה, בעטן גאָט פאר'ן „נכרי" — פאר'ן פרעמדן. וועלכע פאָלק,

פון די אומות העולם, וואָלט געטאָן אזא נאַבעלע זאַך ?

און מיר טוען עס ביז היינטיקן טאָג. יעדן יאָר בעטן מיר דעם רבונו של עולם, אין די טעג פון ראש השנה: „מלוך על כל העולם כולו בכבודך..., והופע בהדר גאון עוזך על כל יושבי תבל ארצך"... אפילו אין דערצייט פון ערנסטע מאָמענטן, ווי די מאָמענטן פון א „יום הדין", האָבן מיר אין זינען, אין אונזער תפילה, די גאַנצע וועלט: דעם ניט־איד, אזוי גוט ווי דעם אידן. מיר טוען עס ווייל מיר זיינען גרויסע הומאַניסטן.

דארום, אלע קלאַנגען, וועלכע די אומות העולם פאַרשפּרייטן וועגן אונז: אז מיר זיינען א זעלבסט־קאָנצענטרירטע פאָלק, אז מיר זיינען שאָוועניסטיש געשטימט, אז מיר ליבן נאָר זיך אליין, אז מיר ווילן מאַכן פון ארץ ישראל א „גן עדן" פאר זיך און א „גיהנום" פאר די אַראַבער — זיינען פאַלש, אַבסאָלוט פאַלש. מיר זיינען עס ניט! מיר זיינען איבערגעבענע נאַציאָנאַליסטן אָבער ניט קיין שאָוועניסטן! מיר דאגה'נען וועגן זיך, מיר דיינקען אָבער, אין דערזעלבער צייט, אויך פון דעם פרעמדן. מיר זיינען גרויסע מענטשן־פריינט! — און דאָס קען מען אמבעסטן זען פון אברהם אבינו'ס תפילה: „האף תספה ולא תשא למקום"? . . .

מיר טוען תפילה פאר'ן צדיק און האָבן בשעת מעשה אין זינען דעם רשע.

# די פליכט פון פארגעבן

,,אלה פקודי המשכן, משכן העדות אשר פקד על פי משה"... (שמות ל"ח, כ"א). דאָס זיינען די איבערציילונגען פון משכן, דעם משכן פון עדות, וואָס זיינען איבערגעציילט געווארן לויט דעם מויל פון משה'ן.

זאָגן דערויף די חז"ל: ,,עדות לישראל שויתר להם הקדוש ברוך הוא על מעשה העגל, שהרי השרה שכינתו ביניהם". — דער משכן רופט זיך אָן ,,עדות", ווייל ער איז אן עדות צו די אידן, אז דער רבונו של עולם האָט זיי פארגעבן אויף די זינד פון דעם עגל, ווייל ער האָט געמאַכט רוען זיין גייסט צווישן זיי.

הגם עס איז שווער, אין א צייט פון א "מאָדערנער ציוויליזאַציע"... דורכצופירן א ליניע צווישן די עלעמענטאַרע און די אזוי-צו-זאָגן העכערע פליכטן, וועלכע דער מענטש מוז ערפילן אין זיין טאָג-טעגלעכן יחס צו זיינע מיטמענטשן, דאָך איז ניט שווער, פסיכאָלאָגיש, צו באַשליסן, אז די פליכט צו פארגעבן איז איינע פון די העכערע פליכטן פון בין אדם לחברו, איבערהויפט ווען דאָס פארגעבן ווערט געטאָן מיטן גאַנצן הארצן, — ועל אחת כמה וכמה ווען איינער פארגיט דעם צווייטן אויף א זינד אָדער עולה, וואָס דער לעצטער איז באגאנגען אין באַצוג צו דעם ערשטן אָן א פונדאמענטאַלע אורזאַכע, ווי דאָס האָט פאַסירט צווישן דעם רבונו של עולם און די כנסת ישראל.

דאָס גאַנצע אידישע פאָלק ווערט פארשקלאַפט און ביז צום טויט פארפייניגט בּאַ די פרעה'ס פון מצרים, אין א משך פון הונדערטער יאָרן (210 יאָר). האָט דער רבונו של עולם רחמנות אויפן פאָלק און פירט אים ארויס ביד רמה פון דעם לאַנד מצרים מיט דעם צו-זאָג, אז ער וועט אים

ברענגען אין דעם לאַנד פון „זבת חלב ודבש", וואו יעדער איינער פון זיי וועט קאָנען פירן זיין סאָציאַל-עקאָנאָמיש און נאַציאָנאַל-רעליגיעזן לעבן אויף א זעלבסטשטענדיקן אופן.

דוכט זיך, אז דער רבונו של עולם האָט גאַנץ פיין יוצא געווען! דאָך — ווען דער פירער, משה רבנו, האָט זיך ניט אומגעקערט צו זיי פון באַרג סיני, צו דער באַשטימטער מינוט, לויט זייער אויסרעכענונג, איז די מערהייט פון זיי אויפגעשטאַנען ווי איין מענטש און האָט געמאַכט דעם עגל הזהב, דאָס גאָלדענע קאַלב, און מיט דעם אויף שטיקלאַך צובראָכן דעם „אנכי ד' אלוהיך" און דעם „לא יהיה לך אלהים אחרים על פני" — די ערשטע צוויי דברות פון די „עשרת הדברות". פאר אזא זינד האָבן געדאַרפט שטאַרק באַשטראָפט ווערן אפילו אזעלכע האַלב-ווילדע ווי די יוצאי מצרים, דאָך האָט זיי דער רבונו של עולם מוחל געווען, און דערצו געמאַכט רוען זיין שכינה צווישן זיי.

דאָס איז פיליכט די אורזאַכע וואָרום אונזערע חז"ל זאָגן : „עברות שבין אדם למקום יום הכפור מכפר, עברות שבין אדם לחברו אין יום הכפור מכפר עד שירצה את חברו" (משנה יומא, פ' ח'). יום כפור ווישט אָפּ נאָר די עברות, וועלכע א מענטש באַגייט אין באַצוג צו גאָט, אָבער די עברות, וועלכע א מענטש באַגייט אין באַצוג צו זיין חבר, ווישט יום כפור ניט אָפּ, ביז דער ערשטער בעט ניט איבער דעם לעצטן. דאָס הייסט, ער מוז גיין צו זיין חבר און אים איבערצייגן, אז ער האָט חרטה אויף דער עולה, וואָס ער איז באַגאַנגען אין באַצוג צו אים, און דער לעצטער מוז אים איבערצייגן, אז ער איז אים מוחל.

פון דעם אידישן שטאַנד-פונקט, אלזאָ, מוז די פליכט צו פארגעבן באַטראַכט ווערן אלס איינע פון די העכערע פליכטן פון מענטש צו מענטש. די פליכט צו פאַרגעבן איז די נשמה פון דעם „ואהבת לרעך כמוך" — א מצוה, וועלכע איז דער פונדאמענט פון אונזער הייליקער תורה.

# דער איד און זיין מסורה

„ושמרתם מצוותי ועשיתם אותם; אני ד׳״ (ויקרא כ״ב, ל״א. און איר זאָלט היטן מיינע געבאָט און זיי טאָן; איך בין גאָט.

זאָגן דערויף די חז״ל: „ושמרתם״ זו המשנה, „ועשיתם״ זה המעשה. „ושמרתם״ — מיינט לערנען און „ועשיתם״ — מיינט טאָן.

„משנה״ און „מעשה״ — לערנען און טאָן זיינען דער גרונט פון אידישקייט. און פונקט ווי „מעשה״ איז וויכטיג אזוי וויכטיג איז „משנה״.

די תורה שבכתב און די תורה שבעל פה זיינען דער פונדאמענט אויף וועלכן דער איד דארף בויען זיין טאָג-טעגלעכן לעבן פון „משנה״ און „מעשה״. ווייל — די תורה שבכתב און די תורה שבעל פה,ביידע צוזאַמען, זיינען דער קוואַל פון וועלכן דער איד שעפּט כח, שטאַרקייט און אומ-באשרייבלאכן געדולד אין זיין קאַמף פאר זיין עקזיסטענץ אלס איד און אלס מענטש, פאר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר. עס איז די מסורה (די טראַדיציע), וועלכע האָט געגעבן דעם אידן כח איבערצולעבן אלע שרעקלעכע גירושים, אינקוויזיציעס און פּאָגראָמען פון דער צייט פון אַנטיוכס׳ן דעם משוגע׳נעם ביז היטלער׳ן דעם נידערטרעכטיגן. דאָס אידישע פאָלק האָט געאָפּפערט זיינע בעסטע זין און טעכטער אויפן מזבח פון זיין מסורה, — כדי ניט איבערצורייסן דעם פאָדים פון גייסט, וועלכער ציהט זיך צו אים פון אברהם אבינו, דעם פאָטער פון פאָלק, וועלכער האָט אוועקגעלייגט דעם ווינקל-שטיין פון דער ריזיקער געביידע — פון דער אידישער טראַדיציע. דער איד איז מפקיר זיין לעבן פאר זיין טראַדיציע, ווייל די טראַדיציע שאַפט אַן אינטערעס פאר זיין לעבן. גיט דער איד אויף זיין טראַדיציע, פארלירט זיין לעבן דורך דעם, דאָס גאַנצע געשמאַק פון לעבן; זיין לעבן ווערט דאן טרוקן, פאַרבלאָז און אָרים. א איד, וועלכער היט ניט אָפּ זיין טראַדיציע, האָט קיין הנאה ניט פון לעבן.

# די אמונה אין איין גאָט

„וידבר ד׳ אל משה... לאמר: דבר אל בני ישראל ואמרת אליהם, כי אתם עוברים את הירדן אל ארץ כנען, והורשתם את כל יושבי הארץ מפניכם, ואבדתם את כל משכיותם, ואת כל צלמי מסכתם תאבדו, ואת כל במותם תשמידו״ (במדבר ל״ג, נ׳—נ״ג). און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן... אזוי צו זאָגן: רעד צו די קינדער פון ישראל, און זאָלסט זאָגן צו זיי: —

אז איר געהט אריבער דעם ירדן צו דעם לאַנד כנען, זאָלט איר פאַרטרייבן אלע באַוואוינער פון לאנד פון פאר אייך, און איר זאָלט אונטערברעכן אלע זייערע בילדער, און אלע זייערע געגאָסענע געצן זאָלט איר אונטערברעכן, און אלע זייערע במות זאָלט איר פארטיליגן.

דער רבונו של עולם האָט אָנגעזאָגט די אידן, אז ווען זיי וועלן אריינקומען אין דעם לאַנד כנען און וועלן זיך דאָרט באַזעצן, זאָלן זיי ניט גיין אין די וועגן פון די פרי־מיטיווע פעלקער פון דעם לאַנד כנען, וועלכע האָבן געדינט צו געוויסע כחות פון דער נאַטור, ווי צום ביישפּיל, צו דער זון*), די לבנה, און אזוי ווייטער.

---

*) יעדע אלטע פאָלק, וועלכע האָט זיך ערנערט פון אַגרי־קולטור, האָט געדינט צו דער זון, בעת דאָס פאָלק, וועלכע האָט זיך מפרנס געווען פון ארומוואַנדערן, האָט געדינט צו דער לבנה. די אור־אַלטע אַראַבער, צום ביישפּיל, וועלכע זיינען געווען וואַנ־דערענדע פּאַסטוכער, האָבן ניט אַנערקענט די זון אלס גאָט; פאַרקערט, זיי האָבן געהאַסט די זון, ווייל זיי האָבן שרעקלעך געליטן פון איר. זייער גאָט איז געווען די לבנה. צוליב די גרויסע היצן פלעגן זיי ניט קאָנען וואַנדערן ביי טאָג; פלעגן זיי ביי טאָג רוען און ביינאַכט וואַנדערן. און דעריבער טאַקי האָבן זיי באַ־טראַכט די לבנה אלס זייער גאָט.

עס איז געווען ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז די מענטשן פון דעם נאָענטן מזרח, פון צוריק מיט דריי אָדער פיר טויזנט יאָר, זאָלן באַטראַכטן אַלס געטער געוויסע כחות פון דער נאַטור, וועלכע זיינען געווען פיזיש שטאַרקער פון זיי, און וועלכע זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך, מער אָדער ווייניקער, פאַר זייער עקזיסטענץ. די אור־אַלטע עגיפּטער, צום ביישפּיל, האָבן געדינט צו דער זון, צו דער לבנה, צו די שטערן, צום טייך נילוס און צו זייער קעניג*), וועלכער פלעגט שאַפן מלוכה ארבייט פאַר די מענטשן. דער טייך נילוס, וועלכער האָט באַוואַסערט די פעלדער און די גערטנער, און די זון, וועלכע האָט ארויס געבראַכט מיט אירע שטראַלען, פון דער טיפעניש פון דער ערד, די תבואות און פרוכטן, זיינען געווען פאַררעכנט אין מצרים אַלס די גרעסטע געטער. די זעלביקע זאַך איז געווען אין בבל; די באַביליאָנער האָבן געדינט, צוליב דער זעלביקער אורזאַך, צו צוויי דריילינגס־געטער: אַנו — דער גאָט פון הימל, בייל (ישעיה מ״ו, א׳) — דער גאָט פון דער ערד, און עאַ — דער גאָט פון דעם אָפּגרונט און פאַרבאָרגענער ווייסענשאַפט. דער צווייטער דריילינג: סין — דער גאָט פון דער לבנה, סאַמאַס (שמש) — דער גאָט פון דער זון, און ראַממאַן — דער גאָט פון שטורם, דונער און בליץ, וואָלקענס און רעגן (יעדער פון אָט די געטער האָט געהאַט זיין שטאָדט אין וועלכער די מענטשן האָבן זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן צו זיין דינסט).

עס איז געווען זייער נאַטירלעך, אַז דאָס לאַנד כנען, וועלכע ליגט פון איין זייט צווישן בבל, וועלכע געפינט זיך אין צפון־מזרח זייט, און פון דער צווייטער זייט צווישן מצרים, וועלכע געפינט זיך אין דרום־מערב זייט, זאָל דינען

---

*) צייט דער פינפטער דינאַסטיע (פון דעם יאָר 3400 ביז דעם יאָר 525, פאַר דער קריסטלאַכער צייט רעכענונג, צוטיילט זיך די געשיכטע פון מצרים אין 26 דינאַסטיעס) האָט דער קעניג פון מצרים אָנגעהויבן צו באַטראַכטן זיך אַלס אַ גאָט. איינער פון זיינע טיטולן איז געווען: „דער זוהן פון דער זון״.

אַלס בריק, איבער וועלכן די צוויי מלוכות, וועלכע פלעגן קומען אין עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַציאונגען איינע מיט דער צווייטער, הונדערטער יאָרן איידער די אידן זיינען אריינגעקומען אין ארץ כנען, זאָלן דאַרפן דורכגיין, אהין און צוריק, אויף זייער רייזע־וועג איינע צו דער צווייטער. אויסער דעם, האָט דאָס לאַנד כנען, אַלס אזעלכע, געמוזט אָנקומען, צוליב די זעלבע אורזאכן, צו מצרים און בבל.

די געשיכטע האָט איבערגעצייגט פילע מאָל, אז ווען צוויי אדער מערערע קולטורן קומען אין באַרירונג איינע מיט דער צווייטער, באיינפלוסט איינע די צווייטע, און זי ווערט אויך באיינפלוסט פון דער צווייטער קולטור (דאָס איז ריכטיק ביז היינטיקן טאָג).

ווען די קולטורן פון בבל און מצרים, וועלכע זיינען געווען אין יענער צייט די עלטסטע און פראָמינענטסטע אין דעם נאָענטן מזרח, האָבן זיך באַגעגענט, דירעקט אָדער אומדירעקט, מיט דער קולטור פון דעם לאַנד כנען, האָט גע־מוזט פאַסירן דער נאַטירלעכער פּראָצעס פון אסימילאַציע: בבל און מצרים האָבן אָנגעשטעקט דאָס לאַנד כנען מיט דער קריינק פון עבודה זרה (געצנדינעריי) אויף אזויפיל, אז דאָס לעצטע האָט זיך ניט געקענט ערהאָלן פון דער דאזיקער קריינק פאר טויזנטער יאָרן לאַנג. דאָס לאַנד כנען, צוזאַמען מיט די שכנה'שע מלוכה'לאך (צור און צידון, עמון, מואב און אדום), זיינען ממש פארפלייצט געווארן פון אלערליי אָפּגעטער *).

דארום, איידער די אידן זיינען אריינגעקומען אין דעם לאַנד כנען, האָט זיי דער רבונו של עולם אָנגעזאָגט, אז

---

*) דער אָפּגאָט „בעל" איז געווען דער הויפּט גאָט פון די צידונים (פיניקער). עס איז געווען אן אָפּגאָט אין דעם געשטאַלט פון א מאַן, דער סימבאָל פון דער זון. מען פלעגט דינען צו דעם אָפּגאָט מיט קרבנות און קטורת (רויכווערק). און אמאָל פלעגט מען ברענגען פון זיינט וועגן אויך מענטשלאכע קרבנות. „עשתרת" — איז געווען אן אָפּגאָט אין דעם געשטאַלט פון א פרוי, — דער סימבאָל פון דער לבנה, די קעניגין פון הימל, וועלכע פלעגט מאַכן

נאָכדעם ווי זיי וועלן איינגעמען דאָס לאַנד, און וועלן פאַר־טרייבן די באַוואוינער פון דעם לאַנד, זאָלן זיי פאַרניכטן אַלע אָפּגעטער, וועלכע געפינען זיך אין לאַנד; די אָפּגעטער, וועלכע סימבאָליזירן די זון, די לבנה און די אַנדערע כחות פון דער נאַטור. ווייל ניט דער הימל, ניט די ערד און ניט די וואַסערן זיינען דירעקט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם עקאָנאָ־מישן וואוילזיין פון דעם מענטשן. — „בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ“. — גאָט האָט באַשאַפן דעם הימל, די ערד און די גאַנצע נאַטור; ער איז דער בורא עולם, — אין אים אליין דאַרפן מיר גלויבן, און נאָר אים אליין דאַרפן מיר דינען.

---

פרוכטבאַר די פרוי און די ערד. מען פלעגט זי רופן אויך „אשרה“. צוליב דעם כבוד פון אָט דער פרוי־אָפּגאָט פלעגט מען פלאַנצן בוימער, וועלכע מען האָט א נאָמען געגעבן „אשרים“, אונטער וועלכע מען פלעגט בויען מזבחות צוליב דעם כבוד פוןביידן — „בעל“ און „עשתרת“. אויסער די צוויי הויפּט אָפּגעטער זיינען געווען נאָך פילע אַנדערע אָפּגעטער, וועלכע האָבן געשפּילט א קלענערע ראָלע.

# ארץ ישראל

„אעברה-נא ואראה את-הארץ הטובה אשר בעבר הירדן, ההר הטוב הזה והלבנון‟ (דברים ג׳, כ״ה). לאָמיך אריבערגיין, איך בעט דיך, און לאָמיך זען דאָס גוטע לאַנד וואס אויף יענער זייט ירדן, דאס דאזיקע שיינע געבערג און דעם לבנון.

משה רבנו, וועלכער האָט קיין מאָל אין זיין לעבן ניט געזען דאָס לאַנד כנען, בעט זיך בא דעם רבונו של עולם, אז ער זאָל אים לאָזן אריבערגיין דעם ירדן, כדי ער זאָל קענען זען דאָס גוטע לאַנד..., דאָס שיינע געבערג... און דעם לבנון... דער פאַקט פון „זבת חלב ודבש‟, די מאַטעריעלע ווערטן פון דעם לאַנד כנען, האָט משה׳ן להלוטין ניט אינטערעסירט; אים האָט נאר אינטערעסירט צו זען די צוקונפטיקע גייסטיקע ארץ ישראל: דאָס לאַנד מיט די בלויע הימלען, — די הויכע בערג און די טיפע טאָהלן, זיינע טייכן, זיינע שטיינער, זיינע היילן, א. א. וו. משה האָט געוואָלט זען מיט זיינע אויגן דאָס לאַנד פון די צוקונפטיקע אידישע שופטים, מלכים, נביאים, תנאים און אמוראים. ער האָט געוואָלט אָנקוקן, פאר זיין טויט, דעם טורעם, פון וועלכן די שטראַלן פון ליכט און וואַרעמקייט וועלן זיך ציהען, אין דער וויטער צוקונפט, צו די פארטריבענע אידן, וועלכע וועלן זיין צוזייט און צושפרייט איבער דעם גאַנצן ערד-קוגעל. — משה האָט געוואָלט זען ירושלים... און די חז״ל זאָגן טאַקע: „ההר הטוב הזה‟: זו ירושלים, „והלבנון‟: זה בית המקדש (תרגום אונקלוס: „טורא טבא הדין ובית מקדשא‟).

ירושלים און דער בית המקדש — די צוויי זיילן פון ארץ ישראל — זיינען געווען די הויפט גורמים פון די דויערהאַפטע, בלוטיקע מלחמות, וועלכע די אידן האָבן אָנ-

געפירט, צוערשט, מיט די גריכן און נאָכדעם מיט די רוימער. פון דער צייט פון דעם חורבן בית שני, האָבן נאָך די צוויי מאַגנעטן — ירושלים און דער בית המקדש — ניט אויפ־געהערט צו ציהען דעם אידענס נשמה צו זיין לאַנד ארץ ישראל. צייט דאַן האָבן נאָך די אידן ניט אויפגעהערט צו בעטן בּאַ דעם רבונו של עולם: „ולירושלים עירך ברחמים תשוב״..., „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים״..., א.א.וו. דער חלב ודבש פון לאַנד, וועלכע האָבן אזוי שטארק אינ־טערעסירט די פרימיטיווע „יוצאי מצרים״, האָבן קיין מאָל צופיל ניט אינטערעסירט די ציוויליזירטע אידן פון די שפּע־טערדיקע דורות. דער חלב ודבש זיינען בּאַ זיי געווען בּלויז אַ מיטל צום הייליקן ציל — צו לעבּן אין ארץ ישראל און צו אָטעמען איר לופט... („אוירא דארץ ישראל מחכים״...).

פאר די לעצטע 50-60 יאָר האָט זיך די פיזיאָנאָמיע פון דעם „בשובך לציון״ גענומען עטוואָס בּייטן. א דאנק די עקאָנאָמישע און סתם ראסן־האַס פארפאָלגונגען, וועלכע זיינען בּאַפאַלן די אידן פון מזרח און מערב אייראָפּע, אין די לעצטע יאָרן פון דעם לעצטן יאָר־הונדערט, האָט זיך גענומען ענדערן, צו בּיסלעכווייז, דער נאָמען (בלויז דער נאָמען!) פון דעם ציוניזם. אין די אכציקער יאָרן פון דעם ניינצענטן יאָר־הונדערט, ווען פילע פון די משכילים אין רוס־לאַנד האָבן געהאָפּט דאָס די אידן פון רוסלאַנד וועלן גאָר אין גיכן קריגן פולע פרייהייט פון דעם רוסישן צאר, האָט זיך פלוצים אויסגעגאָסן א כוואליע פון פּאָגראָמען אויף די אידן, אין הונדערטער שטעט און שטעטלאך פון רוסלאנד. נאָך די פּאָגראָמען פון יאָר 1882, וועלכע האָבן אויפגעטרייסלט, אין יענער צייט, דאָס יודנטום פון דער גאַנצער וועלט, איז דר. יהודה אריה פינסקער ז״ל ארויס געקומען מיט זיין בּאַ־ריהמטן בּוך: „אויטאָ־עמאַנציפּאַציע״, אין וועלכן ער האָט גערופן דאָס גאַנצע אידישע פאָלק צו זעלבּסט־פרייהייט. ער האָט געפאָדערט, אין זיין בּוך, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל זיך ערנסט פארטראַכטן אין דעם געדאַנק פון דעם „בשובך לציון״, — ניט פון דעם אידעאַליסטישן, נאָר פשוט פון דעם פּאָליטישן שטאַנדפּונקט (אין יענער צייט האָט זיך

אָרגאַניזירט די „חובבי ציון״ אָרגאַניזאַציע, וועמענס ערשטע קאָנפערענץ איז פארגעקומען אין קאַטאָוויץ. אין יענער צייט האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט די „בילו״ים: „בית יעקב לכו ונלכה״ — די ערשטע פיאָנערן צו פאָרן קיין ארץ ישראל).

מיט עטלאכע יאָר שפּעטער, א דאנק דער דרייפוס אַפערע, וועלכע איז פאָרגעקומען אין פראנקרייך, אין די יאָרן פון 1894-95, איז דר. בנימין זאב הערצל ז״ל ארויס-געקומען מיט זיין „פּאָליטישן״ ציוניזם. דאָס הייסט, אז דער געדאַנק אָדער באַוועגונג פון „שיבת ציון״ מוז זיין באַזירט, הויפּטזעכלאך, אויף פּאָליטישע און ניט אידעאַליסטישע יסודות, ווי עס איז געווען ביז איצט. און אזוי גייט עס: עס האָט זיך אָפּגעטאָן, פון יענער צייט אָן, כלפּי-חוץ, די קדושה פון דעם ווארט ציוניזם, און אנשטאָט „נאַציאָנאַלן״ ציוניזם (ווי אחד העם ז״ל האָט געפאָדערט), רופט מען איצט אָן דעם ציוניזם מיט דעם וואָרט „פּאָליטישער״.

מיר זאָגן מיט דעם „וואָרט״, ווייל נאָר דאָס וואָרט פון ציוניזם, ד. ה. זיין אַטריביוט, האָט זיך געביטן, אָבער ניט זיין באַדייטונג; די באַדייטונג פון „שיבת ציון״ האָט זיך אויף א האָר ניט געביטן. עס איז די זעלבע „שיבת ציון״ וואָס איז פארגעקומען אין די צייטן פון עזרא הסופר. קיינע אומשטענדן קענען און וועלן ניט בייטן די באַדייטונג פון ארץ ישראל פאר׳ן עם ישראל. און אזוי לאַנג ווי דער איד וועט זיך געפינען אין גלות, וועט זיין נאַציאָנאַלער באַ-וואוסטזיין שרייען אין אים: „אעברה-נא ואראה את-הארץ הטובה״ . . .

# די באַדייטונג פון „יציאת מצרים"

„אמר רבי אלעזר בן עזריה: הרי אני כבן שבעים שנה ולא זכיתי שתאמר יציאת מצרים בלילות, עד שדרשה בן זומא, שנאמר: „למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך"; „ימי חייך" — הימים, „כל ימי חייך" — הלילות"... (משנה ברכות, י"ב).

אין דעם טאָג וואס רבי אלעזר בן עזריה איז אלט גע־וואָרן 18 יאָר, דערציילט אונז די גמרא (ברכות כ"ח, א'), האָבן די חכמים אָראָפּגעזעצט דעם נשיא (פּרעזידענט), רבן גמליאל דעם צווייטן, און אויף זיין אָרט דערוויילט דעם יונגן גאון, רבי אלעזר בן עזריה, וועלכער איז אויך געווען א גרויסער בעל יחוס. עס איז אָבער נייטיק געווען, אז דער נשיא פון סנהדרין זאָל זיין איין עלטערער מאַן, — דערציילט אונז דאָרט די גמרא, אז עס האָט געשען א נס מיט אים, און זיינע 18 לאָקן זיינען גרוי געוואָרן, און ער האָט אויס־געקוקט ווי א מאַן פון 70 יאָר.

אמר רבי אלעזר בן עזריה, האָט רבי אלעזר בן עזריה געזאָגט: איך קוק אויס ווי א מאַן פון 70 יאָר און איך האָב ניט געהאַט די זכיה צו געפינען א פּסוק אין דער תורה, פון וועלכן איך וואָלט געקאָנט דרש'ענען, אז מען דאַרף דערציילן וועגן „יציאת מצרים" אויך ביינאַכט, ביז עס איז געקומען בן זומא, און ער האָט געפונען א פּסוק. עס שטייט געשריבן אין דער תורה: „למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך" — דו זאָלסט דערמאָנען דעם טאָג אין וועלכן דו ביזט ארויס פון מצרים אלע טעג פון דיין לעבן, זאָגט בן זומא, אז דאָס וואָרט „כל" איז אַן איבעריקע, נאָר אזוי ווי עס איז ניטאָ קיין איבעריק וואָרט אין דער תורה, דרש'נט בן זומא, אז דאס וואָרט „כל" מיינט אויך ביינאַכט. דאָס

הייסט, עס איז א רמז מן התורה, אז מיר דארפן דערציילן וועגן „יציאת מצרים" ביטאָג און ביינאַכט.

פרעגט זיך א פראַגע — וואס מאכט די תורה אזא טומל מיטן „יציאת מצרים"? — „למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך" — דו זאָלסט דערמאָנען „יציאת מצרים" אלע טעג פון דיין לעבן! און מיטן דערמאָנען פון „יציאת מצרים" אליין זיינען מיר נאָך ניט יוצא, נאָר מיר מוזן נאָך אויסגעבן יעדן יאָר צענדליקע מיליאָנען אויפן יום טוב פסח, וועלכער ווערט געפייערט אלס אן אָנדיינק פון „יציאת מצרים". — עס איז גאָר קיין פראַגע ניט, אז פאר די אויסגאַבן פון איין פסח וואלט מען געקענט אָפּקויפן גאַנץ ארץ ישראל, אריינרעכענענדיק אויך דעם „עבר הירדן", און מען וואלט געקענט באזעצן דאָרט צענדליקער טויזנטער פאמיליעס.

וואס פאר א טובה האָט דאָ דער רבונו של עולם אונז געטאָן? ער האָט גענומען אומשולדיקע מענטשן און האָט גוזר געווען אויף זיי, אז זיי זאָלן אָפּפינסטערן איבער 200 יאָר אין אן „ארץ לא להם", אין א לאנד, וועלכע איז געווען פול מיט נוגשים און שוטרים, אין א לאנד פון בלוט-דורשטיקע אימפעריאַליסטן, און אז „ותעל שועתם אל אלהים" — אז די געוויינען און געשרייען פון די ארימע שקלאפן — פון פאָטערס, מוטערס און קליינע קינדער, האָבן געשפאָלטן די הימלען, דאן ערשט האָט זיך דער רבונו של עולם מרחם געווען אויף זיי און האָט געזאָגט צו משה'ן: „גיי צו פרעה'ן און נעם ארויס די אידן פון מצרים!" — דוכט זיך, אז על פי יושר האָט די תורה אינגאַנצן געדארפט פארשווייגן וועגן דעם ענין פון „יציאת מצרים" און ניט פאדערן פון אונז, אז מיר זאָלן דערמאָנען „יציאת מצרים" ביטאָג און ביינאַכט, אַלע טעג פון אונזער לעבן.

אָבער בעצם ניט דאָס מיינט די תורה. דאָס הייסט, ניט דעם פיזישן, נאָר דעם גייסטיקן „יציאת מצרים" הייסט אונז די תורה צו דערמאָנען ביטאָג און ביינאַכט.

די געשעעניש פון דעם „שעבוד מצרים" צוזאמען מיטן „יציאת מצרים", אזוי גוט ווי אלע אנדערע געשעענישן,

וועלכע האָבן פּאַסירט אין דעם לעבן פון אונזערע אור־
עלטערן, צוליב וועלכע מיר, אידן, פייערן פילע פון אונזערע
ימים טובים, האָבן א גוף מיט א נשמה; זיי האָבן א פיזישן
אויסזעהן און א גייסטיקע באַדייטונג.

דער קאַלט־בלוטיקער היסטאָריקער קאָן בשום אופן ניט
באַגרייפן דעם ענין פון „שעבוד מצרים” אין דער אידישער
געשיכטע. ער קאָן ניט פארשטיין פאר וואָס האָט טאַקי דער
רבונו של עולם איבערגעגעבן אומשולדיקע מענטשן אין די
הענט פון אזעלכע רוצחים ווי די מצריים. דאָ איז דאָך ניט
געווען קיין פראַגע פון „האבות אכלו בוסר ושני הבנים
תכהינה” — די עלטערן האָבן געזינדיקט און די קינדער
דארפן באַשטראָפט ווערן פאר די זינד פון זייערע עלטערן,
ווייל אונזערע הייליקע אבות: אברהם, יצחק און יעקב
זיינען דאָך ניט געווען קיין זינדיקע מענטשן, — טאָ וואָס
האָט דער רבונו של עולם געהאַט צו זייערע קינדער?

ניין, ניט מיטן עבר איז געווען דער „שעבוד מצרים”
פארבונדן, נאָר מיטן גרויסן עתיד, — דעם עתיד פון „מתן
תורה”.

אזוי שנעל ווי דער אויבערשטער האָט זיך באַקאַנט מיט
אברהם אבינו, האָט ער גלייך געזען, אז די זרע אברהם
וועט זיין דאָס איינציקע פאָלק, וועלכן מען וועט קענען געבן
א תורה. דאָס הייסט, 430 יאָר פאר „יציאת מצרים”, ווען
דער רבונו של עולם האָט געמאַכט אַ בונד מיט אברהם
אבינו, וועלכער רופט זיך אָן דער „ברית בין הבתרים”, דאן
האָט שוין דער רבונו של עולם געהאַט א פארטיקן פּלאַן
וועגן „מתן תורה”.

און איצט וועלן מיר קאָנען בעסער פארשטיין די ווער־
טער פון דעם „ברית בין הבתרים”: „ויאמר לאברם: ידוע
תדע כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם, ועבדום וענו אותם
ארבע מאות שנה...” (בראשית ט”ו, י”ג). און ער האָט
געזאָגט צו אברם'ן: וויסן זאָלסטו וויסן זיין, אז דיינע
קינדער וועלן זיין פרעמדע אין א לאַנד וואָס ניט זייערס, און
מען וועט זיי פארקנעכטן, און מען וועט זיי פּייניקן פיער
הונדערט יאָר.

בנוהג שבעולם, אז צוויי צדדים מאַכן אַ בונד צווישן זיך, זאָגט איין צד צו גוטע הבטחות דעם צווייטן צד, און דאָ, ווען דער רבונו של עולם האָט געמאַכט אַ בונד מיט אברם׳ן, איז אנשטאט צו צוזאָגן אים גוטע הבטחות, האָט ער גאָר אָנגעלייגט אברם׳ן שטיינער אויפן הארצן!

ווען מען אַנאַליזירט אָבער די פּסיכאָלאָגיע פון דעם בונד, קאָן מען גאַנץ גרינג פארשטיין וואָס דער רבונו של עולם האָט געמיינט מיט דעם: דער רבונו של עולם האָט געגעבן אַ רמז צו אברם׳ן, אז דער בונד וואָס ער מאַכט מיט אים איז דאָס נאָר אַן אָנפאַנג, און אז דער בונד וועט פאַר־פאָלקאָמט ווערן ערשט דאַן, ווען זיינע קינדער וועלן מקבל זיין די תורה. גאָט האָט אָבער ניט געקענט געבן די תורה צו די זרע אברהם, וועלכע זיינען געווען געצן דינער. מען האָט ניט געקענט געבן אַ תורה צו פּרימיטיווע מענטשן, וועלכע האָבן ניט געקענט באגרייפן קיין אנדער גאָט ווי דעם אָפּגאָט אָדער די אָפּגעטער פון די עמי כנען. — „ויאמר יעקב אל ביתו ואל כל אשר עמו, הסירו את אלהי הנכר אשר בתוככם, והטהרו והחליפו את שמלותיכם״ (בראשית ל״ה, ב׳). האָט יעקב געזאָגט צו זיין הויזגעזינט, און צו אַלע וואָס מיט אים: טוט אָפּ די פרעמדע געטער וואָס צווישן אייך, און רייניקט אייך, און בייט איבער אייערע קליידער. — צו אזעלכע מענטשן האָט מען ניט געקענט געבן קיין תורה. אזעלכע מענטשן האָבן פריער געמוזט דורכגיין אַ „כור הברזל״ — אַ „שעבוד מצרים״ פון איבער 200 יאָר, און נאָך דעם ערשט האָט זיי דער רבונו של עולם געמוזט צייגן דעם כח אלהים פאַר און נאָך „יציאת מצרים״, און דאַן ערשט האָט מען זיי געקענט געבן אַ תורה. אלס פאַקט זעען מיר, אז דער ערשטער דבור פון די עשרת הדברות פאנגט זיך אָן מיט די ווערטער: „אנכי ד׳ אלהיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים״. — איך בין דער גאָט וועלכער האָט אייך ארויס־גענומען פון מצרים; און אין אַן אנדער אָרט אין דער תורה געפינען מיר די ווערטער: „כי אני ד׳ המעלה אתכם מארץ מצרים להיות לכם לאלהים״ (ויקרא י״א, מ״ה). ווארים איך

בין גאָט וואָס האָט אייך אויפגעבראַכט פון לאנד מצרים, אייך צו זיין צום גאָט.

דארום זאָגט אונז אָן די תורה: „למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך״; — „ימי חייך״ — הימים, „כל ימי חייך״ — הלילות. — איר זאָלט דערמאָנען „יציאת מצרים״, דאָס הייסט, „קבלת התורה״, אלע טעג פון אייער לעבן, בייטאָג און ביינאַכט. ווען איר האָבן אין אייער געדאנק די תורה, וועט איר אימער הנאה האָבן פון א „יציאת מצרים״...; ווען איר, חלילה, ניט דיינקען וועגן דער תורה, וועט איר מוזן ליידן פון א „שעבוד מצרים״...

# דער קרבן פסח און דאָס אידישע פאָלק

עס איז אוממעגלאַך, פאַר דער געשיכטע פון א ציוויליזירטן פאָלק, צו איבערצייגן, אז דאָס פאָלק האָט אין משך פון זיין עקזיסטענץ ניט געקאָנט שאַפן קיין שום יום טוב, וואָס פאַר א יום טוב עס זאָל ניט זיין. ווייל יעדער פאָלק מוז, אין דעם קורס פון זיין קיום, דורכמאַכן געוויסע פאָליטישע און סאָציאַל-עקאָנאָמישע ערפאַרונגען, אין א גוטן און אויך אין א שלעכטן אופן. עס איז נאַטירלאַך, אז יעדע ציוויליזירטע פאָלק, זאָל דורכלעבן טריאומפן, אזוי גוט ווי נידערלאַגעס אין זיין נאַציאָנאַלן לעבן. ווייל — קיין ציוויליזירטע פאָלק אין דער וועלט קאָן קיין מאָל ניט זיין אַבסאָלוט אומאָבהענגיק, עקאָנאָמיש אָדער פּאָליטיש, — איבערהויפּט — עקאָנאָמיש, פון אנדערע פעלקער. און ווי־באַלד, אז איין פאָלק מוז קומען אין עקאָנאָמישע און אין פּאָליטישע באַרירונגען מיט אַנדערע פעלקער, מוז אמאָל פאַסירן א געוויסע געשעעניש (דאס רוב א מלחמה), וועלכע זאָל ברייננגען נצחון פאַר איינעם און א נידערלאַגע פאַרן צווייטן פאָלק.

און דארום, דער טאָג, אין וועלכן א נצחון פון א פאָלק ווערט פאַרווירקלאַכט, ווערט פון אים (פון דעם פאָלק) כמעט אימער באַצייכנט אלס א יום טוב לדורות („פסח״, „חנוכה״; „דער פערטער יולי״ — דער טאָג אין וועלכן די פאַראייניגטע שטאַאַטן האָט פּראָקלאַמירט, אין יאָר 1776, איר אומאָבהענגיקייט פון ענגלאַנד — זיינען ביישפּילן פון אזעלכע ימים טובים).

אויסער אזעלכע ימים טובים שאַפט א פאָלק א יום

טוב אָדער ימים טובים אויך צוליב אינערלעכע געשעענישן; דאָס הייסט, געשעענישן אָדער אורזאַכן, וועלכע האָבן כמעט קיין שייכות ניט מיט פּאָליטיק אָדער עקאָנאָמיע; אורזאַכן, וועלכע זיינען בלויז פאַרבונדן מיט זיין נאַציאָנאַל-רעליגיעזן לעבן („שבועות", „ראש השנה", „יום כפור" און "סוכות" זיינען ביישפּילן פון אַזעלכע ימים טובים).

און אויב עס איז ניטאָ קיין צו גרויסער אונטערשייד צווישן דער פּראָצעדורע אָדער אויסזען פון א יום טוב פון איין פאָלק און דעם יום טוב פון א צווייטן פאלק פון די אומות העולם, איז אָבער פאַראַן זייער א גרויסער אונטער־שייד צווישן דעם יום טוב פון דעם אידישן פאָלק און דעם פון די אומות העולם.

מאַנכע פון די גוי'אישע ימים טובים זיינען א רעזולטאַט פון פילייכט רייכע און אינטערעסאַנטע איבערלעבונגען, אָבער דער יום טוב אליין ענטהאַלט אין זיך קיין באַזונדער אינטערעס; ער איז אָרים אין פארבן, פאַרמאָגט ניט קיין טראָפּן גייסט, — א ביסעלע גאָטעס דינסט (אָדער אינגאַנצן אָן דעם) און נאָך דעם א גוטער מאָלצייט — און דאָס אַלעס!

דער יום טוב פון דעם אידן אָבער איז פיל אַנדערש. דער אידישער יום טוב, אויסער זיין געשיכטע, איז אַן איבער־לעבונג אין זיך אליין; ער פאַרמאָגט אין זיך א סך פּער־זענלעכקייט. דער אידישער יום טוב איז א פּראָצעדורע פון פאַרשיידענע קאָמפּלעצירטע דינים און מנהגים, פון וועלכע מען קען עטוואָס לערנען; מען קען פון זיי ארויסברייינגען א מוסר השכל אין באַצוג צום גאַנצן לעבן פון דעם אידן. דער יום טוב „פסח", צום ביישפּיל, ענטהאַלט אין זיך א ים פון אַזעלכע דינים און מנהגים.

מיר לערנען אין דער תורה, אין צוזאַמענהאַנג מיטן קרבן פסח, די פאָלגנדע ווערטער: „והיה הדם לכם לאות על הבתים אשר אתם שם, וראיתי את הדם ופסחתי עליכם, ולא יהיה בכם נגף למשחית, בהכותי בארץ מצרים" (שמות י"ב, י"ג). און דאָס בלוט וועט זיין פאַר א צייכן אויף די הייזער וואָס איר זייט דאָרטן, און איך וועל זעהן דאָס בלוט און וועל איבערהיפּן איבער אייך, און עס וועט ניט זיין

צווישן אייך קיין פלאָג אומצובּרענגען, ווען איך שלאָג אין לאַנד מצרים.

דער רבונו של עולם האָט אָנגעזאָגט די אידן, איידער זיי זיינען ארויס פון מצרים, אז 14 טעג אין ניסן זאָלן זיי שלאַכטן א קרבן פסח און זאָלן שפּריצן דאָס בּלוט אויף דעם איבּער־טיר און בּיישטידלען (מזוזות) פון די הייזער אין וועלכע זיי וואוינען, כדי אז ער זאָל וויסן אין וועלכן הויז וואוינט א איד, וועט ער דעם ערשט געבּוירענעם פון דעם הויז ניט טויטן, ווען ער וועט קומען טויטן די ערשט גע־בּוירענע פון די מצריים.

פרעגט זיך א פראגע — פאר וואָס האָט דער רבונו של עולם אָנגעזאָגט די אידן צו שפּריצן בּלוט אויף זייערע הייזער? וואָלט ער דען ניט געקענט וויסן אָן דעם בלוט אין וועלכן הויז א איד וואוינט?

עס איז א פאקט, אז ווען די אחינו בּני ישראל זיינען געווען קנעכט אין מצרים, זיינען פילע פון זיי שטאַרק בּא־איינפלוסט געוואָרן, אין דעם ענין פון עבודה זרה, פון זייערע נוגשים, די מצריים. פילע פון די אידן זיינען אזוי פאר־מצרים׳ט געווארן אז עס איז געווען שווער צו דערקענען דעם אונטערשייד צווישן א אידן און א מצרי. און אונזערע חז״ל פארלייקענען ניט דעם דאָזיקן פאקט און דערציילן אונז, וואָס דאָרט איז פארגעקומען:

„לפי שהיו ישראל להוטים אחרי עבודה זרה במצרים, והיו מביאים זבחיהם לשעירים, דכתיב (ויקרא י״ז, ז׳) „ולא יזבחו עוד זבחיהם לשעירים״... אמר הקדוש ברוך הוא: יהיו מקריבים לפני בכל עת קרבנות באהל מועד ויהיו נפרשים מעבודה זרה, והם ניצולים״ (ויקרא רבא פרק כ״ב, דף ל״ד). ווייל די אידן זיינען געווען איבּערגעגעבּן אין מצרים צו געצנדינערייי, און פלעגן בּריינגען זייערע קרבנות צו די וואַלד־טהירע (שדים), ווי עס שטייט געשריבּן: „און זיי זאָלן מער ניט שלאַכטן זייערע שלאַכטונגען צו די וואַלד־טהירע״, האָט דער רבונו של עולם געזאָגט: זאָלן זיי אָפּפערן (זייערע קרבנות) צו מיר, צו יעדער צייט, אין דעם אוהל מועד, וועלן זיי זיין אָפּגעזונדערט פון געצנדינערייי, און מיט דעם וועלן זיי זיך רעטן.

אין א צווייטן אָרט דערציילן אונז די חז״ל דאָס פאָלגענדע: „ולמה הביא עליהם חשך, שהיו בישראל באותו הדור רשעים ולא היו רוצים לצאת, ומתו בשלושת ימי אפלה, כדי שלא יראו מצרים במפלתם״ (רש״י, שמות י׳, כ״ב). ווארום האָט דער רבונו של עולם געבראכט פינסטערניש אויף די מצריים? ווייל אין יענעם דור זיינען געווען צווישן די אידן רשעים, וועלכע האָבן ניט געוואלט ארויס פון מצרים, זיינען זיי דערפאר אויסגעשטאָרבן אין די 3 טעג פון דער פינסטערניש, כדי אַז די מצריים זאָלן ניט זען זייער מפלה.

ווער זיינען דאָס געווען די רשעים, וועלכע האָבן ניט געוואלט ארויס פון מצרים? דאָס זיינען געווען די אידישע אַסימיליאַנטן, וועלכע האָבן געדינט צו די אָפגעטער פון די מצריים, און וועלכע האָבן געפירט א לעבן, סיי אין דער היים און סיי אין געזעלשאַפט, נאָך דעם סטיל פון די מצריים; אידן, וועלכע האָבן זיך דערווייטערט פון זייער גאָט און פון זייער פאָלק; אידן, וועלכע האָבן אויסגעקוקט מער מצרי ווי איד.

און דארום, איידער די אידן זיינען ארויס פון מצרים, האָט זיי דער רבונו של עולם אָנגעזאָגט: „שלאכט א קרבן פסח און שפּריצט דאָס בלוט אויף דעם איבער-טיר און די ביישטידלען פון אייערע הייזער״! — טוט עפּעס א דבר-מצוה! קוקט אוים ווי אידן! לאָזט איבער די „תועבת מצרים״, דעם שמוץ פון די מצריים, דא אין לאנד, איידער איר גייט ארויס פון אים!

ניתנה האמת להאמר — מען מוז צוגעבן, אַז עס איז „שווער צו זיין א איד״; עס איז שווער, צוליב עקאָנאָמישע און פיזיאָלאָגישע אורזאַכן, צו מקיים זיין די אלע תרי״ג (613) מצוות, וועלכע יעדער איד דארף מקיים זיין. — יעדער פייער טאָג, יעדער טרויער טאָג, יעדער ריר פון דעם אידן, פון דעם מאָמענט וואס ער שטייט אויף אין דערפרי, ביז דער מינוט וואס ער לעגט זיך שלאָפן, איז פארבונדן מיט אַן אוצר פון דינים און מנהגים. רמ״ח (248) מצוות „עשה״ און שס״ה (365) מצוות „לא תעשה״ זיינען דער

קערפּער פון דער אידישער רעליגיאָן, — און עס איז גאָרניט אזוי לייכט צו טראָגן אויף זיך די משא פון אזא שווערן קערפּער.

דאָך מוזן מיר צוגעבּן, אז יעדער דין און יעדער מנהג פונ'ם אידן איז איינגעטונקט אין א ים פון גייסט. ווער קען אָפּשאַצן דעם תענוג רוחני, דעם גייסטיקן פארגעניגן, וואָס דער שבת פארשאַפט דעם אידן? דאָס ליכט-בּענטשן, די „תפילות", דער „שלום-עליכם"-זאָגן, דער „קידוש", די „זמירות" בעת „שלוש סעודות", די „הבדלה" און דער „ויתן לך". — דאָס פארגעניגן פון אָט דער יעדער ערפאַרונג בּאַזונדער, און פון דער האַרמאָניע פון זיי אלעמען צו-זאַמען, קען נאָר די „נשמה יתרה" פון דעם אידן פילן און שטאַרק הנאה האָבן; און ווער קען זיך פאָרשטעלן דעם פארגעניגן, וואָס דער איד שעפּט פון יעדן איינעם פון זיינע ימים טובים? דער יום טוב פּסח, צום בּיישפּיל, — א ים פון גייסטיקן פארגעניגן!

צום באדויערן, אָבּער, געפינט זיך צווישן אידן, כמעט אין יעדער צייט און אין יעדן אָרט, א געוויסער עלעמענט, וועלכער איז גרייט בּא יעדער געלעגנהייט, אוועקצוגיין פון זיין רעליגיאָן, צו אויסטאָן פון זיך דעם לבוש, בּא וועלכן מען קען אים אידענטיפיצירן אלס איד, און צוגיין אין די וועגן פון די גויים פון דער מדינה, אין וועלכער ער געפינט זיך. די ערשיינונג האָט פּאַסירט אין מצרים, אין דער צייט פון דעם „שעבּוד" (אפילו אין א צייט פון א שעבּוד!), אין דעם לאַנד כנען, וואו די אידן האָבּן זיך בּאַזעצט נאָך דעם ווען זיי זיינען ארויס פון מצרים, אין בּבל, נאָך דעם ערשטן חורבּן, און ווידער אין ארץ ישראל, אין דער צייט פון דער גריכישער אָקופּאַציע — בּיז היינטיקן טאָג.

אלזא, אין דער צייט ווען מיר פייערן דעם יום טוב פּסח, זאָל דער קרבּן פּסח דערמאָנען יעדן אידן, אז די אידישע רעליגיאָן איז ראַציאָנאַל שטאַרקער און עסטעטיש שענער פון אלע רעליגיאָנען פון דער וועלט. קיין איד דאַרף ניט און טאָר ניט פארבּייטן זיין רעליגיאָן פאר א רעליגיאָן פון א צווייטן פאָלק! יעדער איד דאַרף זיך האַלטן בּא זיין אי-דישקייט! א איד דאַרף אויסקוקן ווי א איד!

# דער חוב פון „נעשה ונשמע״

היינט פייערן מיר דעם יום טוב פון „זמן מתן תורתנו״. היינט זיינען אונזערע אור־עלטערן, די קנעכט פון מצרים, געשטאַנען בײַ דעם באַרג סיני און מקבל געווען די תורה. די חז״ל דערציילן אונז, אַז איידער גאָט האָט געגעבן די תורה צו די אידן, האָט ער זי אַרומגעטראָגן צו אַלע פעלקער פון יענער צייט, ווי: די בני עשו, בני עמון ומואב און די בני ישמעאל, און האָט זיך געבעטן בײַ זיי, אַז זיי זאָלן נעמען די תורה, און קיינער האָט זי ניט געוואָלט נעמען. איין פאָלק האָט מורא געהאַט פאַרן „לא תרצח״, א צווייטע — פאַרן „לא תגנוב״ און א דריטע — פאַרן „לא יהיה לך אלהים אחרים על פני״. ווי אבער דער אייבערשטער האָט געבראַכט די תורה צו די בני אברהם, יצחק און יעקב, האָבן זיי גלייך געזאָגט: „נעשה ונשמע״ (פסיקתא רבתי כ״א), און אַזוי אַרום האָט זיך געשלאָסן א שידוך צווישן הקדוש ברוך הוא און כנסת ישראל, און עס איז געוואָרן: ישראל, הקדוש ברוך הוא ואוריתא חד.

היינט, אין דעם טאָג פון „מתן תורה״, האָבן מיר גע־נומען אויף זיך די פליכט פון צו זיין אַן „עם לבדד ישכון ובגוים לא יתחשב״. מיר האָבן גענומען אויף זיך די פליכט פון צו זיין אָפּגעשיידט און פאַרשידן פון אַלע אַנדערע פעלקער מיט אונזער אמונה, די אמונה אין איין גאָט, מיט אונזער קולטור, מיט אונזערע שבתות און ימים טובים און מיט אונזערע דינים און מנהגים. — אין דעם טאָג פון „מתן תורה״ האָבן מיר גענומען אויף זיך די פליכט פון נאָכפאָלגן אונזערע הייליקע אבות: אברהם, יצחק און יעקב.

די חז״ל זאָגן: „על שלושה דברים העולם עומד: על התורה, על העבודה ועל גמילות חסדים״. „תורה״ — זוהי

יעקב; „ויעקב איש תם יושב אהלים״ (בראשית כ״ה, כ״ו); יעקב אבינו, זאָגן די חז״ל, איז געזעסן אין די געצעלטן פון שם ועבר און האָט געלרנט תורה.

דער בית המדרש לתורה פון שיקאַגאָ, ישיבת רבי יצחק אלחנן פון ניו־יאָרק, די גרויסע און מעכטיקע ישיבות פון איראָפּע, וואו טויזנטער תלמידי חכמים זיצן טאָג און נאַכט און לערנען די הייליקע תורה, זיינען א ירושה פון די ישיבות אין וועלכע יעקב אבינו האָט פארבראַכט זיין יוגנט.

„עבודה״ — זוהי יצחק; יצחק היה מקריב קרבנות. — פון דער צייט אָבער וואס דער בית המקדש איז חרוב גע־ווארן און די קרבנות זיינען בטל געווארן, איז געקומען די תפילה און האָט פארנומען דעם פּלאַץ פון די קרבנות.

„גמילות חסדים״ — זוהי אברהם. אברהם אבינו פלעגט אריינבריינגען אורחים צו זיך אין הויז און האָט זיי געגעבן עסן און טרינקען.

ביז היינטיקן טאָג צייכנט זיך אוים דאָס אידישע פאָלק, מער פון אלע ציוויליזירטע פעלקער פון דער וועלט, מיט געבן צדקה און פראַווען גמילות חסדים. דאָס אידישע פאָלק איז כמעט דאָס איינציקע אויף דער וועלט, וועלכע בויט מושב־זקנים׳ס, בתי מחסה ליתומים, הכנסת אורחים׳ס און פילע אנדערע וואוילטעטיגע אַנשטאַלטן. דאָס אידישע פאָלק איז דאָס איינציקע פאָלק, וועלכע שיקט איבער יערלאך, אויף יענער זייט ים, מיליאָנען דאָלאַר צו העלפן זיינע אומ־גליקלעכע ברידער „הנתונים בצרה ובשביה״.

מיר האָבן צוגעזאָגט דעם רבונו של עולם „נעשה ונשמע״, באַמיען מיר זיך, צייט דאן, צו מקיים זיין אונזער הבטחה בכל דקדוקיה ופרטיה. און לאָמיר האָפן, אז אזוי ווי מיר זיינען מקיים אונזער הבטחה פון „נעשה ונשמע״, אזוי וועט דער רבונו של עולם מקיים זיין זיין הבטחה פון „והביאותים אל הר קדשי, ושמחתים בבית תפלתי; עולותיהם וזבחיהם לרצון על מזבחי, כי ביתי בית־תפלה יקרא לכל העמים״ (ישעיה נ״ו, ז׳). און איך וועל זיי ברייגגען צו מיין הייליקן באַרג, און איך וועל זיי דער־

ש ב ו ע ו ת

פרייען אין מיין געבעט־הויז; זייערע גאַנץ־אָפּפער און זייערע שלאַכט־אָפּפער וועלן מיט צופרידנהייט אָנגענומען ווערן אויף מיין מזבח, דען מיין הויז וועט אָנגערופן ווערן א געבעט־הויז פאר אלע פעלקער.

# דער חוב פון „נעשה ונשמע"

(פארטזעצונג)

„ויקח משה את ספר הברית ויקרא באזני העם, ויאמרו כל אשר דבר ד' נעשה ונשמע" (שמות כ"ד, ז'). און משה האט גענומען דאס בוך פון בונד, און געליינט אין די אויערן פון פאלק; און זיי האבן געזאגט: „נעשה ונשמע". — ניט מער ווי צוויי ווערטער, — ווי גרויס אבער איז די באדייטונג פון זיי!

א האלב באַרבאַרישע פאלק, עבדים בני עבדים, האבן געמאכט א verbal contract מיט דעם רבונו של עולם, ניט זייענדיק פיליכט אומשטאנד צו באגרייפן וואס זיי גייען דא אריינקריגן פאר זייער „נעשה ונשמע", און מיר, זייערע קינדער, וועלכע לעבן אין א צייט פון א הויכער ציוויליזאציע, אין א צייט פון גרויסע מאראטאריומס, מוזן צאלן זייערע חובות. מאראטאריומס גייען אן צווישן מלוכות אזוי גוט ווי צווישן פריוואטע בירגער, אבער קיין מאראטאריום צווישן דעם רבונו של עולם און זיין פאלק ישראל! עס קוקט אויס, אז דער רבונו של עולם גלויבט ניט אין „שמיטת כספים"; ער פאדערט דעם חוב פון „נעשה ונשמע".

מיר האבן זיך פארפליכטעט, אין דעם טאג פון „מתן תורה", צו האלטן און אפהיטן די תורה אונטער אלע אומשטענדן, אפילו אונטער די אומשטענדן פון „יהרג ואל יעבר", באמיען מיר זיך, צייט דאן, צו מקיים זיין אונזער פליכט. מיר האבן זיך פארפליכטעט בא דעם באַרג סיני צו ליידן, צוליב דעם כבוד פון דער תורה, פון המנ'ס, אנטיוכס'ס, טיטוס'ס, — ביז היטלערן, ימח שמו!

אין דער צייט פון חורבן בית שני (אין דעם יאר 70 לויט דער קריסטלאכער צייט רעכנונג) האבן איבער א מיליאן אידן אוועקגעגעבן זייערע לעבנס על קדוש-השם.

מיט 65 יאָר שפּעטער, אין דער צייט פון חורבן ביתר, זיינען איבער א האַלבער מיליאָן אידן געפאַלן אויפ׳ן שלאכט פעלד, מיט די רוימער, פאַרטיידיקנדיק דעם כבוד פון דער תורה. בלוט האָט געפלאָסן, טייכנווייס, פון ביתר צו דעם מיטללענדישן ים, אויסרייסנדיק אויפ׳ן וועג, שווערע שטיי־נער... די מחות פון דריי הונדערט קליינע קינדער זיינען קאַלט־בלוטיק צושמעטערט געוואָרן אויף איין שטיין. גרויסע צדיקים, ווי: רבי עקיבא, רבי חנינא בן תרדיון, רבי יהודה בן בבא *) און אנדערע, זיינען געפּייניגט געוואָרן מיט די גרעסטע באַרבאַרישע ענויים וואס דעם מענטשנ׳ס פאַנטאַ־זיע קאָן זיך קוים פאָרשטעלן, פאַר דעם גרויסן פאַרברעכן פון תלמוד תורה.

ניט ווייניקער בלוט האָבן די אידן פאַרגאָסן אין דער צייט פון די מסעי הצלב **) (די קרייץ־צוגן). פילע פון די אידן פון דייטשלאַנד האָבן באַגעגנט זייער טויט דורך פאַרשידענע שרעקלאַכע אופנים. אין דער שטאָט וואָרעמס האָבן די אידן איינער דעם צווייטן אויסגע׳שוחט׳ן און אין זייער אייגענעם בלוט ארומגעשוואומען (אין מאַי, 1096). אנדערע אידן האָבן זיך פאַרברענט. מוטערס האָבן אויסגעשלאכטעט זייערע אייגענע קינדער — כדי ניט איבערגעבן זיי אין די הענט פון קריסטנטום. ניט ווייניקער ווי 12,000 אידן האָבן פאַרלאָרן זייערע לעבנס, אין די שטעט פונם רהיין געגנד, אין א משך פון צוויי מאָנאַטן (מאַי — יולי). דער זעלבער אומגליק האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט אין

*) די דריי דערמאָנטע צדיקים זיינען געווען פון די „עשרה הרוגי מלכות”, וועלכע זיינען געטויטעט געוואָרן דורך די תליינים פון אדריינוס קיסר.

**) די מסעי הצלב זיינען געווען א קייט פון מלחמות צווישן קריסטנטום און איסלאַם. דער צוועק פון די מסעי הצלב איז געווען — צו באַפרייען די הייליקע לאַנד פון די הענט פון די טערקען, וועלכע האָבן זייער שלעכט באַהאַנדלט די באַזוכער צו דעם לאַנד (די קריסטן). די מסעי הצלב האָבן געדויערט פון דעם יאָר 1096 ביז אומגעפער דעם יאָר 1250 לויט דער קריסטלאַכער צייט רעכנונג.

יעדער שטאָט און אין יעדן לאנד, אין וועלכע די בלוט־דורשטיקע משהיתים פון די קרייץ־צוגן זיינען דורכגעגאנגען.

אין דער צייט און נאָך דעם שווארצן פעסט בלבול (1348-52), ביז דער ענדע פון פערצעגטן יאָר־הונדערט, האָט זיך אידישע בלוט געגאָסן, טייכנווייס, אין אלע שטעט און שטעטלאך פון די מדינות פון צענטראל און מערב אייראָפע. אונטער דעם אויסרייד, אז אידן האָבן פארגיפטעט די ברו־נעמער, פון וועלכע די קריסטן טרינקען דאָס וואסער, האָט מען גע׳שוחט׳ן און געברענט אידן אום׳ברחמנות׳דיק. זיינען זיי אַנטלאָפן פונם שווערד פון איין אָרט, האָט זיי באגעגנט דער שווערד אין א צווייטן אָרט.

באלד נאָך די שחיטות פון דער שווארצער מגפה, איז געקומען די שפּאַנישע אינקוויזיציע. מען האָט גע׳שוחט׳ן, געברענט און געבראָטן אידן, און צום ענדע פון פופצעגטן יאָר־הונדערט *) זיינען די איבעריקע אומגליקלאכע אידן געווען געצוואונגען צו פארלאָזן אינגאַנצן דאס לאַנד און גיין וואנדערן איבער דער גרויסער וועלט, וועלכע איז געווען פול מיט האס צו זיי.

אין דער צייט פון באָגדאַן כמעלניצקי **) האָבן איבער 250,000 פויליש־רוסישע אידן פארלאָרן זייערע לעבנס אין א משך פון צען יאָר צייט (1648-58).

---

*) תשעה באב, (אוגוסט דעם 2־טן, 1492) זיינען 300,000 אידן געווען געצוואונגען צו פארלאָזן שפּאַניע.

**) דער פירער פון די קאַזאַקן (די אַנטלאָפענע פויערים פון אוקראַינע און פוילן, וועלכע זיינען פארשקלאַפט געווארן בא די פוילישע פריצים. זיי האָבן זיך באזעצט ביי די ברעגעס פון דעם טייך דניעפּער און פון שווארצן ים. אויך אַנדערע אומצופרידענע און היימלאָזע פוילישע און אוקראַינישע מענטשן זיינען דאָרט געווען. זיי האָבן זיך גערופן קאַזאַקן. זיי פלעגן האָבן א הויפּט אָדער אַן אַטאַמאַן, און גאַנץ אָפט פלעגן זיי זיך אַוועקלאָזן אויף רויב. זיי פלעגן באַפאַלן שטעדט און דערפער און אויסקוילען די איינוואוינער און אוועקרויבן זייער האָב און גוטס. דאָס טרויעריג־סטע יאָר אין דער אידישער געשיכטע איז געווען דאָס יאָר ת״ח (1648) וואָס איז באַקאַנט אַלס גזרת ת״ח).

דער שרעקלאַכער פּאָגראָם, וועלכער איז פאָרגעקומען אין קישענאָוו*), בעסאַראַביע, אין דעם יאָר 1903, שטייט נאָך ווי לעבעדיק פאַר די אויגן פון מאַנכע פון אונז.

קום געה אין שחיטה-שטאָדט, זאָלסט זעהן מיט דיינע אויגען,
זאָלסט אָנטאַפּען מיט דיינע הענד,
אויף צוימען, סלופּעס, טויערן און ווענד,
אויף שטיינער פון דער גאַס, אויף אַלע העלצער,
דאָס שוואַרץ-פאַרטרוקענט בלוט מיט די געהירען
פון דיינע ברידער'ס קעפּ און העלזער.
און אומבלאָנדזען זאָלסט דו צווישען חורבות
דורך ווענד צובראָכענע מיט אויסגעקרומטע טיהרען,
פערביי צעשטירצטע אויוועגס, האַלב פאַרברענטע ציגעל,
וואו פייער, האַק און אייזען האָבען נעכטען
אויף דער בלוט-חתונה א ווילדן טאַנץ געשפּילט
און קריך דורך בוידעמער, דורך לעכעריגע דעכער,
און קוק זיך איין אין אַלע שוואַרצע לעכער —
דאָס זיינען אָפּענע, שוואַרצע, שטומע וואונדען,
וואָס וואַרטען מעהר אויף קיין רפואה אין דער וועלט. **)

אין צוויי יאָר שפּעטער האָט זיך איבער גאַנץ דרום רוסלאַנד צוגאָסן א כוואַליע פון הונדערטע שרעקלאַכע פּאָגראָמען.

ניט נאָר די אידן, נאָר די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט, וועט, פאַר לאַנגע יאָרן, געדענקען די אומדערבאַרעמדיקע פּאָגראָמען וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין אוקראַינע, גרויס-רוסלאַנד און אין ווייס רוסלאַנד, אין די יאָרן פון 1918-21.

*) דער קישענאָווער פּאָגראָם איז געווען א פּרשה פון דער סדרה פּאָגראָמען, וועלכע האָבן זיך אָנגעפאַנגען אין שפּאָלע, קיעווער גובערניע, אין דעם יאָר 1897.

**) ארויסגענומען פון דער פּאָעמע „אין שחיטה-שטאָט'' פון ח. נ. ביאַליק, וועלכער איז אליין געקומען נאָכ'ן פּאָגראָם צו זען מיט זיינע אויגן און אָנטאַפּן מיט זיינע אייגענע הענט, די אַלע פאַרבליבענע סמנים פון שרעקלאַכן חורבן.

איבער 300,000 אידן (מענער, פרויען, אלטע, יונגע און פיצ־לאך קינדער) האָבן פארלאָרן זייערע לעבענס דורך שווערד, האַק, פייער, וואַסער און הונגער... קול דמי אחינו צועק אלינו מן האדמה. — ביז היינטיקן טאָג הערן מיר די געשרייען פון אָט די „קדושים" פון רוסלאנד, וועלכע האָבן אוועקגע־געבן זייערע לעבנס על קדוש השם והתורה.

„בקש יעקב לשבת בשלוה, קפץ עליו רוגזם של" יהודי גרמניה. — דאָס אידנטום, וואס איז אויפגעטרייסלט געווארן, ביז דער טיפעניש פון זיין נשמה, פון די לעצטע שחיטות אין רוסלאנד, האָט געוואָלט זיך אָפּרוען פאר א שטיקל צייט פון אָט די שחיטות, איז געקומען היטלער, ימח שמו, און האָט צושטערט זיין רוה. מיר האָבן נאָך ניט פארשאָטן די קברים פון די הרוגי רוסיה, מוזען מיר שוין גראָבן פרישע קברים פאר די הרוגי גרמניה.

די בלעטער פון דער אידישער געשיכטע, פון דעם טאָג וואס די אידן זיינען געווארן א קולטורעלעם פאָלק, זיינען דורכגעווייקט מיט אידיש בלוט פון די אלע אינקוויזיציעס און פאָגראָמען, וועלכע די אומות העולם האָבן געמאַכט אויף זיי. און אלע אומגליקן זיינען געקומען צוליב דעם חוב פון „נעשה ונשמע".

עס איז אָבער צו האָפן, דאָס גאָר אינגיכן וועלן מיר דעם דאזיקן חוב אינגאנצן אָפּצאָלן, און מיר וועלן קריגן די פאָלגנדע קבלה:

„אל תירא עבדי יעקב ואל תחת ישראל,
כי הנני מושיעך מרחוק, ואת זרעך
מארץ שבים; ושב יעקב ושקט ושאנן, ואין מחריד,
כי אתך אני,
נאום — ד' " (ירמיה ל', י' — י"א).

האָב קיין מורא ניט, מיין קנעכט יעקב, און שרעק זיך ניט, ישראל, ווייל איך וועל דיר העלפן פון דער־וויטן, און דיינע קינדער פון דעם לאַנד פון זייער געפאַנגענשאַפט, און יעקב וועט זיך צוריק־קערן און וועט זיין רואיק און זיכער, און קיינער וועט אים ניט שרעקן, ווייל מיט דיר בין איך, זאָגט גאָט.

# ארום בגינה ספית

(וואָס דו ווערסט צוליב אים געשלאָגן)

„תאין ומתכנשין... מנן ומאן הוא רחימך... ארום בגינה ספית... יקרא ויאה את אין תערבי למרותא״.

די פעלקער פון דער וועלט (די קינדער פון קריסטענטום און פון איסלאם) קומען צום אידישן פאָלק און פרעגן: ווער איז דאָס אייער גאָט? און וואָס באַשטייט זיין כח? וואָס טוט ער פאר אייך וואָס איר גייט דורך צוליב אים אַלערליי אינקוויזיציעס, פאָגראָמען און גירושים? ווארום זאָלט איר ליידן אזויפיל צרות צוליב אייער אמונה? נעמט אָן אונזער גלויבן וועט איר פון קיינע ליידן ניט וויסן.

אָט די פראָפּאַגאַנדע האָט זיך אָפיציעל אָנגעהויבן אין אָנפאַנג פון זיבעטן יאָר הונדערט, נאָך דעם ווען דער איסלאָם איז געבוירן געוואָרן, און האָט זיך געצויגן ביז נאָך דער רעפאָרמאַציע באוועגונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין זעכצענטן יאָרהונדערט.

(א קאַמף צווישן יודנטום און קריסטנטום האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם געבורט פון דעם לעצטן. באלד פון די ערשטע שריט וואס די נייע רעליגיע האָט געמאַכט, האָט זי אָנגעפאַנגען פירן א קאַמף מיט׳ן יודנטום און מיט דעם אידישן פאָלק אויף לעבן און אויף טויט. עס האָט זיך ניט געהאַנדלט וועגן צוויי רעליגיאָנען, וואס האָבן ניט געשטימט איינע מיט דער אנדערער; עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן צוויי רעליגיאָנען, וואס יעדע האָט מורא געהאט, אז די אַנדערע וועט איר איינשלינגען, און יעדע האָט גערדיינקט, אז זי וועט קענען עקזיסטירן נאָר ווען די צווייטע וועט פאַרשווינדן. איבערהויפּט האָט דאָס קריסטנטום מורא געהאַט, אז אזוי לאנג ווי דאָס יודנטום וועט אָנגיין ווייטער, וועט דאָס

קריסטנטום ניט קענען זיך עטאַבלירן אלס יורש פון דער אידישער אמונה. אלזאָ, די ערשטע זאך וואס איז נויטיק, האָבן גערעכנט די קריסטלאכע „טאַטעס" — איז צו פאַר־ניכטן דאָס יודנטום).

אפילו מאַרטין לוטהער, דער גרויסער פירער פון דער רעפאָרמאַציע, וועלכער האָט זיך, אין אָנפאנג פון דער באַ־וועגונג, גע'חנ'דלט צום אידישן פאָלק (ער האָט געשאָטן פעך און שוועבל אויף דער גאַנצער קריסטלאכער וועלט פאַר אירע פארפאָלגונגען וואס זי האָט געמאַכט אויף די אידן), דיינקענדיק, אז דאָס אידישע פאָלק וועט זיכער אָננעמען דעם פראָטעסטאַנטישן גלויבן, האָט נאכדעם ארויסגעטראָטן געגן אים. ער איז געוואָרן איינער פון די בלוטיקסטע שונאים פון דעם אידישן פאָלק, בלויז צוליב דעם, וואָס די אידן האָבן זיך אָנטזאָגט צו ווערן פראָטעסטאַנטן.

אין א פעריאָדע פון איבער טויזנט יאָר האָבן זיך די אידן געפונען אין א צושטאַנד פון „בין הפטיש והסדן" — צווישן די פייערן פון קריסטנטום און איסלאַם. זיינען זיי אַנטלאָפן פון שווערד פון דעם ערשטן, האָט זיי באַגעגנט דער שפיז און דער מעסער פון דעם צווייטן. אידן אלס א כלל האָבן זיך אָבער ניט אונטערגעגעבן; אידן אלס א כלל זיינען ניט עובר געווען אויפן „יהרג ואל יעבר" (גע'הרג'עט ווערן און ניט עובר זיין אופן „לאו" פון דינען צו דער עבודה זרה). און אויב עס זיינען געווען אידן, דא און דארט, וואס האָבן זיך יאָ גע'שמדט, איז דאָס נאָר געווען למראית עין, אָבער טיף אין זייערע הערצער זיינען זיי פארבליבן אידן, און „מן המיצר קראו ליה" — פון זייערע באהאַלטענע ערטער האָבן זיי געשריען צו גאָט, און בּאַ דער ערשטער געלעגנהייט האָבן זיי זיך אומגעקערט צו זייער אמונה (בפרהסיה).

„בחכמתא מתיבתא להון... רבותכן מה חשיבא"... — און גייענדיק צו דער שחיטה, האָבן די אידן זיי געענטפערט: וואס פאר א ווערט האָט אייער גרויסקייט געגן דער גרויס־קייט וואס גאָט וועט אויף אונז ברייינגען ווען די גוטע צייט וועט קומען...; ווען ס'וועט קומען אויף אונז א ליכטיקייט און עס וועט באַדעקן אייך א פינסטערניש . . .

אָט דער טיפער גלויבן אין גאָט און דער כח פון זעלבסט איבערציייגונג אין דעם קומען פון דעם גרויסן עתיד (דער עתיד פון „קריתא דירושלים כד יכנש גלותא״...) זיינען פאראנטוואָרטלאך פאר דעם וואָס דער איד האָט אימער אויסגעשטרעקט זיין האַלדז צו יעדן מעסער און שווערד פון די בני עשו און די בני ישמעאל. אין דער שטאָט וואָרעמס, דייטשלאַנד, אין ענדע פון עלפטן יאָר-הונדערט, אין דער צייט פון די ערשטע קרייץ-צוגען, האָבן מוטערס אויסגעשלאָכטעט זייערע אייגענע קינדער, כדי זיי ניט איבערצוגעבן אין די הענט פון קריסטענטום. אזעלכע פּאַסירונגען זיינען פאָרגעקומען אין פילע ערטער.

דער כח פון דער אידישער אמונה איז אומבאגרייפלאך גרויס און שטארק. די שונאי ישראל קענען בשום אופן ניט פארשטיין פון וואנען נעמט זיך דאָס אזא כח, און דארום האַלטן זיי אין איין פרעגן: „מנן ומאן הוא רחימך... ארום בגינה ספית״ ?

# די סאָציאַלע באַדייטונג פון „מתן תורה"

אין צוזאמענהאַנג מיט מתן תורה לייענען מיר אין דער תורה, פרשה יתרו, די פאָלגנדע ווערטער: „ויוצא משה את העם לקראת האלהים מן המחנה ויתיצבו בתחתית ההר" (יתרו י"ט, י"ז). און משה האָט ארויסגעפירט דאָס פאָלק פון לאַגער גאָט אַנטקעגן, און זיי האָבן זיך געשטעלט אונטערן באַרג. — „אמר רבי אבדימי בר חמא: מלמד שכפה הקדוש ברוך הוא עליהם את ההר כגגית ואמר להם: אם אתם מקבלים את התורה — מוטב, ואם לאו — שם תהא קבורתכם" (שבת פ"ח). האָט רבי אבדימי דער זון פון חמא געזאָגט: פון די ווערטער „ויתיצבו בתחתית ההר" לערנען מיר, אז דער רבונו של עולם האָט אָנגעבויגן אויף די אידן דעם באַרג סיני און האָט זיי געזאָגט: אויב איר זיינט מקבל די תורה איז גוט, און אויב ניט, — וועט דאָרט זיין אייער קבורה.

אז דער רבונו של עולם וואָלט ניט געוועזן אומברייינגען די אידן אפילו ווען זיי זאָלן ניט געוועזן מקבל זיין די תורה, קען מען זען פון די פאָלגנדע ווערטער: „אתם ראיתם אשר עשיתי למצרים, ואשא אתכם על כנפי נשרים ואביא אתכם אלי, ועתה אם שמוע תשמעו בקולי, ושמרתם את בריתי, והייתם לי סגולה מכל העמים" (שם י"ט, ד'-ו'). איר האָט געזען וואָס איך האָב געטאָן צו מצרים, און ווי איך האָב אייך געטראָגן אויף אָדלער-פליגלען, און האָב אייך גע־בראכט צו מיר. און איצט, בעט זיך ווייטער דער רבונו של עולם, אויב צוהערן וועט איר צוהערן צו מיין קול, און איר וועט היטן מיין בונד, וועט איר זיין מיין באַזונדער אייגענס

פון צווישן אלע אומות. — טאָ וואס האָט רבי אבדימי בר חמא געמיינט מיט דעם „שם תהא קבורתכם״ ?

עס איז א מנהג בּאַ אונז אידן, משנים קדמוניות, צו פייערן דעם יום טוב פון מתן תורה, אזוי גוט ווי אלע אַנדערע ימים טובים, פון א רעליגיעזן שטאַנדפונקט. דאָס הייסט, מיר פייערן דעם יום טוב בלויז דערפאר ווייל די תורה האָט אונז אָנגעזאגט צו פייערן, אָבער ניט ווייל מיר אַנערקענען די גרויסע נוצן וואָס די תורה ברייננט אונז אין אונזער סאָציאלן, און איך וואלט אפילו געזאָגט, אין אונזער פּאָלי־טישן לעבּן אין גלות. צו מיר ווילן יא צו מיר ווילן ניט, מוזן מיר דאָך אַנערקענען, אז „שבכל דוד ודור עומדים עלינו לכלותינו״, והתורה—היא היא שמצילתנו מידם. וואָלטן די אידן ניט געהאַט די תורה, וואָלט פון זיי שוין לאַנג קיין זכר ניט געבּליבּן, אזוי גוט ווי עס איז ניט געבּליבּן קיין זכר פון אַנדערע אַלטע פעלקער, וועלכע זיינען געווען פיזיש א סך שטאַרקער פון די אידן, און וועלכע האָבן געהאַט א סך וויניקער אויסערלאכע שונאים פון די אידן.

איז געקומען פרעה מלך מצרים און האָט געוואלט פאַרשקלאפן די אידן בּיזן טויט, איז געקומען משה רבנו און האָט אים געצייגט דעם מטה אלהים, שהיה חקוק עליו שם המפורש; און אזוי שנעל ווי דער רשע האָט איינגעזען דעם מטה אלהים, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן פון גרוים דרך ארץ, און „ויקם פרעה לילה הוא וכל עבדיו . . . ויקרא למשה ולאהרון ויאמר: קומו צאו מתוך עמי ולכו עבדו את ד׳ כדברכם״ (שמות י״ב, ל׳־ל״ב). איז פרעה אויפ־געשטאַנען ביי דער נאַכט, ער און אלע זיינע קנעכט . . . און ער האָט גערופן משה׳ן און אהרונ׳ען און האָט געזאָגט: שטייט אויף, גייט ארוים פון צווישן מיין פאָלק, און גייט דינט גאָט אזוי ווי איר האָט געזאָגט.

איז געקומען נבוכדנצר מלך בבל און האָט חרוב גע־מאַכט דעם ערשטן בית המקדש (586 בּ. ק.), און האָט פאַר־טריבּן די אידן קיין בבל, איז אז ס׳איז געקומען כרש מלך פרס, מיט פופציק יאָר שפּעטער, און האָט א קוק געטאָן אויפן גרויסן ש״ס, אויף די ששה ספרי נביאים ראשונים און אַנ־

דעדע ספרים, אדער חלקים פון ספרים פון אונזער תנ"ך, וועלכע די אומגליקלאכע גולים האבן ארויסגעגעבן אין א משך פון א קורצער צייט, האט ער, פון גרויס דרך ארץ, ניט נאר זיי ערלויבט זיך אומקערן צו זייער לאנד, נאר ער האט זיי אפילו געגעבן טויזנט סאלדאטן צו באוואכן זיי אויף זייער וועג צו זייער היים-לאנד.

ווען אלעכסאנדער דער גרויסער, וועלכער האט אין זיין צייט איינגענומען דעם גאנצן נאענטן מזרח*), איז צוגעקומען צו די טויערן פון ירושלים, און האט איינגעזען פאר זיך דעם כוהן גדול, האט דער וועלט גבור געפונען פאר נייטיק אנבויגן זיין קאפ פארן אידישן תלמיד חכם (אויב איר ווילט איז דאס ניט קיין אגדה...). איין כוהן גדול האט מציל געווען דעם גייסטיקן צענטער פון א זיכערן חורבן.

ערב דעם חורבן בית שני, ווען טיטוס הרשע מיט זיין ארמיי זיינען געשטאנען נעבן די טויערן פון ירושלים, גרייט צו פארניכטן די שארית הפליטה פון דעם אידישן פאלק, דאך — ווען רבן יוחנן בן זכאי איז געקומען צו טיטוס'ן און אים געבעטן אז ער זאל אים געבן די שטאט „יבנה וחכמיה", האט דער מערדערלאכער רשע ניט געוואגט צו מעיז פנים זיין דעם גרויסן תלמיד חכם, און האט מאמענטאל ערפילט זיין ביטע, ניט קוקנדיק אויף דעם וואס „יבנה וחכמיה" האט אויף ברעקלאך צובראכן די שיטה פון דער רוימישער פאליטיק אין באצוג צו די אידן. רבות מחשבות בלב טיטוס הרשע, ועצת רבן יוחנן בן זכאי היא תקום; טיטוס הרשע האט געפלאנט צו פארניכטן אונזער מרכז רוחני, כדי צו געבן מיט דעם א טויט-קלאפ דעם גאנצן אידישן פאלק, איז געקומען רבן יוחנן בן זכאי און האט צושטערט אלע זיינע פלענער. און נאך איידער ס'איז אונטערגעגאנגען די

---

*) אלעכסאנדער דער גרויסער האט אין א משך פון דרייצן יאר (336—323 ב. ק.) איינגענומען די פאלגנדע לענדער: מצרים, קליין-אזיע, סיריע, פיניקיע, מעסאפאטאמיע, פערסיע און א חלק פון אינדיען.

זון פארן גייסטיקן צענטער אין ירושלים, איז שוין אויפגע־
גאנגען דער מאַרגנשטערן פארן מרכז רוחני אין יבנה. יבנה
האָט פארהיט ניט נאָר די תורה שבכתב, נאָר זי האָט אויך
געשאַפן די גרויסע, פראַכטפולע תורה שבעל פה. א דאַנק
יבנה וחכמיה האָבן די אידן געשאַפן די משנה, דעם תלמוד
ירושלמי, תלמוד בבלי, די תוספתא, די מכילתא, ספרא וספרי,
אלע מדרשים און די גאַנצע גאונישע, רבנישע און חסידישע
ליטעראַטור, וואָס מיר פארמאָגן איצט בא היינטיקן טאָג.

די אידישע געשיכטע וויל האָבן, אז טיטוס האָט ערפילט
רבן יוחנן בן זכאי׳ס ביטע צוליב דעם ווייל טיטוס האָט זיך
דערוואוסט, דורך זיינע מרגלים, אז רבן יוחנן בן זכאי האָט
געפאָדערט פון די אידן צו מאַכן שלום מיט די רוימער.

לאָמיר זאָגן, אז דאָס איז געווען אמת; אָבער איין זאַך
מוזן מיר געדענקען; מיר מוזן געדענקען, אז טיטוס איז
געווען א רשע; און אויב ער איז ניט געווען קיין חכם איז ער
אָבער קיין תם אויך ניט געווען... ער האָט גאַנץ גוט פאַר־
שטאַנען, אז אויב רבן יוחנן בן זכאי האָט געוואָלט מאַכן
שלום מיט די רוימער איז ניט מחמת ער האָט ליב געהאַט
די רוימער, נאָר מחמת ער האָט געוואוסט, אז אויב די אידן
וועלן ניט אָפּגעבן ירושלים מיט גוטן, וועלן זיי מוזן אָפּגעבן
מיט בייזן; ווי עס האָט טאַקי ווירקלעך פּאַסירט. אַלזאָ, מוזן
מיר קומען צום שלום, אז טיטוס האָט אָפּגעגעבן יבנה צו
רבן יוחנן בן זכאי בלויז צוליב דעם, וואָס ער האָט געהאַט
גרוים דרך ארץ פאר אים.

„וד׳ הולך לפניהם יומם בעמוד ענן לנחותם הדרך
ולילה בעמוד אש להאיר להם ללכת יומם ולילה״; פון דעם
טאָג וואס די אידן זיינען געווארן אן עם סגולה, ביז היינטיקן
טאָג, גייט זיי גאָט׳ס תורה פאראויס און פארהיט זיי פון
די חצים און די אבני בלסטראות, פון די קוילן, וועלכע
זייערע שונאים, די אומות העולם, ווארפן אויף זיי. טרייבט
זיי ארוים דער מזרח, האָט דער מערב געגוג דרך ארץ פאר
זיי, צוליב דעם כבוד פון זייער תורה, און נעמט זיי אריין
צו זיך; האָבן זיי צרות אין מערב, עפענען פאר זיי די טויערן
דער צפון און דער דרום פון אמעריקע.

די ידי עשו האָבן גרוים דרך ארץ פארן קול יעקב.

די שנאה צום אידישן פאָלק איז גרוים, — דער דרך ארץ אָבער צו אים פאר זיין תורה און תלמוד איז נאָך גרעסער. צי זיי ווילן יאָ צי זיי ווילן ניט, דאָך מוזן די אומות העולם רעספעקטירן די הויכע פרינציפּן פון אונזער תורה; די פּרינ־ציפּן פון „ואהבת לרעך כמוך" — דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר אזוי גוט ווי דו האָסט זיך אליין ליב; „לא תלין פעולת שכיר" — דו זאָלסט ניט האַלטן בא זיך איבער נאַכט די שכירות פון דיין ארבעטער; „ואהבתם את הגר" — איר זאָלט ליב האָבן דעם פרעמדן; פּרינציפּן, וועלכע זיינען נאָך דערוויל ניט דערגרייכט געוואָרן אפילו בּאַ די גרעסטע און שטאַרקסטע עראָפּלאַנען און צעפּעלינען פון אונזער מאָ־דערנער ציוויליזאַציע.

אָט דאָס האָט רבי אבדימי בר חמא געמיינט: ווען די אידן זיינען צוגעקומען צו דעם באַרג סיני, האָט דער רבונו של עולם אוועקגעשטעלט פאר זיי דעם ריזיגן בּאַרג פון אלע גלות לענדער, וועלכע זיי וועלן מוזן דורכגיין, אין משך פון זייער לעבן, און האָט זיי געזאָגט: „אם מקבלים אתם את התורה — מוטב" — אויב איר זייט מקבל די תורה איז גוט, — וועלן אלע פעלקער פון דער וועלט האָבן דרך ארץ פאר אייך, און איר וועט קענען עקזיסטירן אין גלות, „ואם לאו" — און אויב ניט, איז „שם תהא קבורתכם" — וועט איר דאָרט בּאַגראָבן ווערן, ר"ל.

# „חשבון הנפש"

עס איז נאַטירלאך, אז כמעט יעדער מענטש זאָל דער־גרייכן, פריער אדער שפעטער, דעם פעריאָד פון גייסטיקער ענטוויקלונג, ווי גרויס אָדער קליין די ענטוויקלונג זאָל ניט זיין. אויב דער מענטש איז גייסטיק הויך ענטוויקלט רופן מיר אים אַן עלוי אָדער גאון.

דער עלוי אָדער גאון פארבלייבט ניט, אין משך פון זיין גאַנצן לעבן, אין די ד׳ אמות (די פיר איילן) פון זיין אייגענעם לעבן אזוי ווי דער געוויינלעכער מענטש. ער באַנוגנט זיך ניט בלויז מיט דעם וואס ער באפרידיקט זיינע פערזענלעכע באַ־דערפענישן פון זיין טאָג־טעגלעכן לעבן; ער שאַפט,—יעדער איינער אויף זיין געביט, ניט נאָר פאר זיך אליין, נאָר אויך פארן כלל. ער שאפט פארן כלל, ניט ווייל ער וויל שאַפן, נאָר ווייל ער מוז שאַפן; — זיין גענויוס טרייבט אים דערצו.

וואָלט די נאַטור ניט ארויסגעגעבן קיינע גאונים, וואָלטן מיר עד היום זיך געפינען אין א נידעריקער מדרגא פון צי־וויליזאציע. וואלטן מיר ניט געהאַט קיין גאונים, וואלטן מיר ביז היינטיקן טאָג ניט געפאָרן אין קיין באַנען, ניט געפלויגן אין דער לופטן; מיר וואלטן ניט געהאט קיין טעלעפאָן, טע־לעגראַף, ראַדיאָ, א. א. וו.

עס איז דארום ניט דער עלוי און ניט דער גאון וועלכע דארפן דענקען וועגן א תכלית פאר זיך; עס איז דער דורכ־שניטלעכער מענטש. דער לעצטער, קען קיין מאָל ניט אוועקגיין פון זיך אליין. ער מוז שטענדיק דיינקען וועגן זיך, — וועגן זיין געגענוואַרט, און נאָך מער — וועגן זיין צוקונפט. ער מוז אימער זיך אָפּגעבן א „חשבון הנפש".

און אויב דער געוויינלעכער מענטש, סיי איד סיי ניט איד, מיט א קליינער צאָל פון אויסנאַמס, גיט זיך יא אָפּ א

„חשבון הנפש" וועגן זיין מאַטעריעלן צושטאַנד, איז אָבער די צאָל פון די מענטשן, וועלכע גיבן זיך אָפּ א „חשבון הנפש" (אין פולן זין פון ווארט „נפש") וועגן זייער גייסטיק לעבן, זייער קליין. ניט נאָר דער פשוט'ער מענטש, נאָר אויך דער גאון, דיינקט זייער ווייניק, און פילייכט גאָרניט, וועגן א גייסטיקן „חשבון הנפש".

דער בשר ודם, זייענדיק אימער ארומגערינגלט פון מאַטעריעלע באַדערפעניששן, פון א מאַטעריעלע סביבה — און פון א שטאַרקן ווילן צו דערגרייכן געוויסע צוועקן אין זיין לעבן, וואס די צוועקן זאָלן ניט זיין, וויל ניט קלערן וועגן זאכן, וועלכע געפינען זיך אויסער זיין פיזיש-פסיכאָלאָגישן „איך". דער מענטש האָט קיין חשק ניט זיך ארייַנצוטראכטן אין ענינים פון „מה-למעלה". ער וויל גאָרניט דענקען וועגן זיין יחס צו דער נאַטור, און וועגן דעם יחס פון איין כח צו א צווייטן אין דער נאַטור, צו וועמענס געזעצן אלע, אָן אויסנאַם, מוזן זיין משועבד.

עס איז אָבער א פליכט פון יעדן מענטשן זיך יא ארייַנצוטראכטן אין אָט דעם ענין. עס איז א פליכט פון יעדן איינעם זיך צו באַמיען צו פארשטיין, אז עס עקזיסטירט, „משׁשת ימי בראשית", א געוויסער יחס, א האַרמאָניע, צווישן די מיליאָנען כחות פון דער נאַטור. יעדער כח, יעדער עלעמענט פון דער נאַטור און יעדע באַשעפעניש אין דער נאַטור פונקציאָנירט צוליב א געוויסן צוועק. יעדער איינער פון זיי ארבעט אין א פולער האַרמאָניע מיט דעם צווייטן. די נאַטור ווייס ניט פון קיין קנאה און שנאה; עס הערשט אימער שלום צווישן אירע פארשידענע כחות.

אויסער שלום, הערשט אין דער נאַטור אויך גערעכטיגקייט. די נאַטור ווייס ניט פון קיין חניפה; זי חנפ'עט ניט דעם רייכן און פארנאַכלעסיגט ניט דעם ארימאַן; זי באַהאַנדלט מיט פולער גערעכטיגקייט יעדן איינעם. זי מיינט קיין איינעם ניט צו באַשטראָפן. און אויב דער מענטש ליידט פון אירע קאַפריזן, ווי: דונער און בליץ, שטורם און פארפלייצונגען, ערד-ציטערניש, קראַנקהייט, טויט, א. א. וו., איז דאָס ניט איר שולד; זי מיינט ניט מיט דעם צו טאָן דעם

מענטשן שלעכטס; זי וויל נאָר דורך פיהרן אירע געזעצן, איר שטרענגע דיסציפלין.

שלום, גערעכטיגקייט און שיינקייט זיינען די מעלות טובות פון דער נאַטור. און וויבאלד אז די נאַטור באזיצט אַט די אַלע קוואַליטעטן, הייסט עס, אז דער בורא עולם — דער באַשעפער פון דער נאַטור — איז דער קוואַל פון וועלכן עס שפּרודלט שלום, גערעכטיגקייט און שיינקייט צו דער גאַנצער נאַטור. מיט אַנדערע ווערטער, אויב אין דער נאַטור הערשט שלום און גערעכטיגקייט, הייסט עס, אז די נאַטור טוט דעם ווילן פון איר באַשעפער.

עס איז אבער א פראַגע אויף דער מענטש, וועלכער איז דער בחיר היצירה, טוט זיין פליכט אין באַצוג צו זיין באַשעפער. און דארום איז עס ניט מער ווי רעכט אז לכל הפחות איין מאָל אין יאָר, זאָל זיך דער מענטש אָפּגעבן א גייסטיקן „חשבון הנפש". „יהא מפשפש במעשיו" — ער דאַרף דורכקוקן זיין אייגענעם רעקאָרד פון דעם פאַר־גאַנגענעם יאָר. וואָס איז געווען זיין יחס צו זיינע מיט־מענטשן? איז דאָס געווען א יחס פון גערעכטיגקייט, פון שלום און פון שיינקייט? האָט ער געטאָן גערעכטיגקייט צו זיין פאָלק, צו זיין לאַנד און צו זיין קולטור?

ווען א מענטש טוט עס יא, טוט ער א סך גוטעס צו זיך אליין. ער ראַפינירט מיט דעם זיין מחשבה און זיין רגש (געפיל). ער דערהויבט זיך פון דער אַטמאָספערע פון גשמיות (מאַטעריאַליזם) צו דער אַטמאָספערע פון רוחניות (גייסט). אריינקומענדיק אין אַט דער אַטמאָספערע, ווערט דער מענטש עטוואס אַנדערש. ערשטנס, אויב ער דענקט, אז זיינע מעשים אין דעם פארגאַנגענעם יאָר זיינען ניט געווען אין איינקלאַנג מיטן רצון קונו, מיטן ווילן פון זיין באַשעפער, באַקומט ער דאן א געפיל פון חרטה. צווייטנס, נעמט ער אויף זיך די התחיבות פון צו ווערן א חוזר בתשובה, — צו פאררי‌כטן אלע זיינע טעות'ן אין דעם קומענדיקן יאָר. — ער ווערט אַן אַנדער מענטש.

און דארום זאָגט אונז אָן די תורה: „בחדש השביעי, באחד לחדש, יהיה לכם שבתון, זכרון תרועה, מקרא קדש"

(ויקרא כ"ג, כ"ג-כ"ה). — אין זיבעטן חודש, אין ערשטן טאָג פון חודש, זאָל זיין בײַ אייך א רואונג, א דערמאָנונג דורך שאַלונג, א הייליקע צונויפרופונג.

דאָס הייסט, די ערשטע צוויי טעג פון חודש תשרי (וועלכע ווערן פאררעכנט אלס איין לאַנגער טאָג), דארפֿן זיין בײַ אונז די טעג, אין וועלכע מיר דארפֿן זיך אָפּגעבן א „חשבון הנפש".

# חרטה

די שענסטע געפילן פון דעם מענטשן זיינען די געפילן פון רחמנות, פון ליבע (צו מענטשן, צו שיינקייט און צו אלץ וואס האָט א שייכות מיט שיינקייט) און פון חרטה. דער שענסטער געפיל, אָבער, פון די אלע איז דער געפיל פון חרטה.

מיר ליבן און אכטן הויך די מענטשן, בּאַ וועלכע דער געפיל פון רחמנות איז שטאַרק אַנטוויקלט, ווייל ווען א מענטש האָט רחמנות אויפן שוואכן (מענטשן אָדער בּאַשע־פעניש), בּאַמיט ער זיך, מיט אַלע זיינע מעגלאכקייטן, צו העלפן דעם לעצטן אזוי שנעל ווי ער קען, כדי צו בּאַפרייען אים פון זיינע ליידן. עס איז דער געפיל פון רחמנות וואָס איז פאַראַנטווארטלעך פאר דעם וואס מיר האַלטן אוים וואוילטעטיגע אַנשטאַלטן, ווי צום בּיישפּיל: שפּיטאַלן, (אויך פאר בּאַשעפענישן), היימען פאר היים־לאָזע, פאר אַלטע לייט, פאר אומהיילבּארע קראַנקע, פאר יתומים, א.א.וו. דער געפיל פון רחמנות איז דער טערמאָמעטער דורך וועלכן מיר קענען פעסטשטעלן ווי פיין אָדער פארדאָרבּן א מענטש איז; ווי הויך אָדער נידעריק די ציוויליזאַציע פון א פאָלק שטייט.

אויך דער געפיל פון ליבע איז זייער א שיינער געפיל. ווען א מענטש האָט ליבּ מענטשן, העלפט ער מיט דעם צו קעמפן און בּאַקעמפן די ערגסטע שונאים פון דער מענטש־הייט — קנאה און שנאה. דער מענטש, וועלכער האָט ליבּ מענטשן, בּרענגט אריין שלום און צופרידנהייט אין דער געזעלשאַפט. ליבע צו מענטשן מיינט גליק פארן מענטשן. בקיצור, דער געפיל פון ליבע איז איינער פון די איידלסטע געפילן פון דעם מענטשן.

דאָך שטייט דער געפיל פון חרטה העכער פון די גע־פילן פון רחמנות און ליבע. ווייל ביידע, סיי דער געפיל פון רחמנות און סיי דער געפיל פון ליבע, ארבייטן אין דעם מענטשן ניט דורך דעם אימפולס פון דעם געדאַנק, נאָר דורך דער זאך (דאָס רוב א בעל־חי) וואָס האָט א נייגונג צו דער־וועקן אין אונז אָט די געפילן. מיט אַנדערע ווערטער, סיי דער געפיל פון ליבע און סיי דער געפיל פון רחמנות ווירקן אין דעם מענטשן אָן זיין באוואוסטזיין. דער געפיל פון ליבע דערוועקט זיך אין אונז אזוי שנעל ווי מיר זעען איין א צווייטן מענטשן (איבערהויפט דעם מענטשן צו וועלכן מיר פילן אַ באזונדער געפיל פון ליבע) אָדער א שיינע קונסט זאַך. דאָס זעלבע איז ריכטיג וועגן דעם געפיל פון רחמנות. עס דערוועקט זיך אין אונז דער געפיל פון רחמנות אזוי שנעל ווי מיר זעען איין פאר זיך א מענטשן אָדער א באַ־שעפעניש, וועלכע נויטיגן זיך אין הילף; עס האָט גאָרניט צו טאָן מיט דעם געדאַנק. פארקערט, אין מאַנכע פאַלן קען דער געדאנק אָפּשוואכן אָט די געפילן, אזוי גוט ווי ער קען זיי פארשטאַרקן, אויב ער וויל נאָר. די מחשבה איז כמעט אימער דער אויבערהאַר איבערן רגש. ווייל דער רגש פון רחמנות עפּעס אויפטאָן פאר א נויט באַדערפטיקן, קומט די מחשבה און דערלאָזט ניט. הויבט אָן ארבייטן אין מענטשן א געפיל פון ליבע, באַפאַלט אים מאָמענטאַל די מחשבה פון אלע זייטן און דערשטיקט אים... זאָגט דער רגש „טאָג", זאָגט די מחשבה „נאַכט". זיין גאַנצן לעבן באַמיט זיך דער מענטש צו מאַכן שלום צווישן אָט די צוויי ביטערע שונאים, — אָבער אָן ערפאָלג (הגם א מאָל גיט זיך יאָ איין דעם מענטשן צו מאַכן א פשרה צווישן זיי).

דער געפיל פון ליבע אזוי גוט ווי דער געפיל פון רחמנות ווערן געבוירן מיטן מענטשן און וואקסן מיט אים צוזאמען. און פאר א מעלה אָדער א חסרון, וועלכע ווערן געבוירן מיט דעם מענטשן, קען מען אים, פסיכאָלאָגיש, ניט האלטן אינ־גאַנצן פאראַנטוואָרטלעך.

אַנדערש, אָבער, איז דער געפיל פון חרטה. דער לעצטער ווערט ניט געבוירן מיט דעם מענטשן; זיין געדאַנק — דער

„חשבון הנפש" — רופט אים אַרויס. און הגם דער געדאַנק אליין קען ניט, אָן דער הילף פון דעם יושר (וועלכער ווערט יאָ געבוירן*) מיטן מענטשן), ארויס רופן דעם געפיל פון חרטה, דאָך איז דער געדאַנק, און ניט דער יושר, דער מפעיל (דער פאַראורזאַכער). און וויבאַלד, אַז דער געדאַנק איז דער הויפּט גורם דערפון, הייסט עס, אַז דער געדאַנק איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם געפיל פון חרטה.

פאַר וואָס שעצן מיר אַזוי הויך דעם געפיל פון חרטה? ווייל דער לעצטער פאַרשאַפט דעם מענטשן אַ סך שמערצן. דער מענטש, וועלכער ווערט באַאיינפלוסט פון דעם געפיל פון חרטה, געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון „אוי לי מיוצרי ואוי לי מיצרי"; ער געפינט זיך צווישן צוויי מאַגנעטן, — איינער שלעפּט אים צום עבר און דער צווייטער — צו אַ נייעם עתיד. איין כח פאָדערט פון אים צו גיין אין וועג, אין וועלכער ער איז ביז איצט געגאַנגען . . . און דער צווייטער כח הייסט אים צו פאַרלאָזן די אַלטע וועג און גיין זוכן נייע וועגן.

„צו פאַרלאָזן די אַלטע וועג" — דאָס איז איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן אין דעם מענטשנס לעבן. דער מענטש גלייכט ניט צו אָפּברעכן מיט אַ געוואוינהייט, — איבער־הויפּט ווען ער ציהט פון איר אַ געוויסע אַנגענעמקייט, וואָס די אַנגענעמקייט זאָל ניט זיין — אַ פיזיאָלאָגישע, פּסיכאָלאָ־גישע אָדער פינאַנציעלע. מאַנכע געוואוינהייטן ברייגגען זאָגאַר דעם מענטשן אַ סך שאָדן אין זיין געזונט, אין זיין פּרנסה און אין זיין רעפּוטאַציע, דאָך פּראַקטיצירט ער זיי. עס איז זייער שווער פאַר מענטשן זיך צו שיידן מיט אַ געוואוינהייט, מיט אַן עבר.

דאַרום האָבן אונזערע חז"ל געזאָגט: „במקום שבעלי תשובה עומדים צדיקים גמורים אינם יכולים לעמוד" (ברכות ל"ד). — אויף דעם אָרט וואו בעלי תשובה שטייען, קענען אַבסאָלוטע צדיקים ניט שטיין. ווייל אַ צדיק גמור

---

*) די בעהעוויאָריסטן (עקסטרעמע פּסיכאָלאָגן) לייקענען אָפּ דעם פאַקט, אַז יושר ווערט געבוירן מיטן מענטשן; זיי זאָגן, אַז עס איז אַ געוואוינהייט.

האט א סך פארגעניגן פון דעם וואָס ער איז א צדיק; א בעל תשובה, אָבער, ליידעט על פי רוב, צוליב דעם געפיל פון חרטה, גרויסע שמערצן, ווייל ער איז געצוואונגען צו איבערברעכן זיין עבר.

דארום, ווען א איד קומט אריין יום כפור אין שוהל, און זאָגט מיט זיין גאַנצן האַרצן:

„על חטא שחטאתי לפניך בדעת ובמרמה"...

„ועל כולם, אלוה סליהות, סלה...."‚ —

איז ער זיכער מיט א „חתימה טובה"...

# דער יום טוב סוכות

אראָפּוואַרפנדיק פון זיך די שווערע קייטן פון דעם לאַנגן גלות מצרים, האָט זיך דאָס אידישע פאָלק אוועקגעלאָזט איבער דעם גרויסן, טרוקענעם און זאַמדיק-ברענעדיקן מדבר אויפן וועג צו זיין לאַנד — ארץ כנען.

ווי פאַרשקלאַפּט און באַרבאַריש די אידן זיינען געוועז, דאָך קען מען זיך לייכט פאָרשטעלן ווי גליקלאך זיי זיינען געוועזן צו פארלאָזן א לאנד וואו זיי האָבן אָפּגעפּינסטערט איבער צוויי הונדערט יאָר, „בחמר ובלבנים ובכל עבודה בשדה"; א לאַנד מיט נוגשים און שוטרים אויף יעדן שריט און טריט, — און גיין צו א לאַנד פון „זבת חלב ודבש", וואו זיי וועלן קענען געניסן פון פּאָליטישע, סאָציאַלע און רעליגיעזע רעכטע אזוי גוט ווי אלע פרייע מענטשן. עס איז גאָר קיין פראַגע ניט אז די מאָמענטן פון „יציאת מצרים" זיינען געוועזן די גליקלאַכסטע מאָמענטן אין דעם לעבן פון דעם אידישן פאָלק.

אבער אזוי שנעל ווי די אידן זיינען ארויס פון מצרים, האָבן זיי זיך גלייך אָנגעטראָפן מיט דער ביטערער ווירקלאַכקייט פנים אל פנים: „ויסע משה את ישראל מים סוף ויצאו אל מדבר שור, וילכו שלושת ימים במדבר ולא מצאו מים". קומענדיק אין מדבר שור, באלד נאך קריעת ים סוף, האָט זיי פלוצלונג אויסגעפעלט וואסער, „וילונו העם על משה לאמר, מה נשתה"? (שמות ט"ו, כ"ב—כ"ה). און דאָס פאָלק האָט געמורמלט אקעגן משה'ן, אזוי צו זאָגן: וואָס וועלן מיר טרינקען? דערציילט אונז ווידער די תורה: „ויסעו מאילים ויבואו כל עדת בני ישראל אל מדבר סין . . . וילונו כל עדת בני ישראל על משה ועל אהרון... כי הוצאתם אותנו אל המדבר הזה להמית את כל הקהל הזה ברעב" (שם ט"ז, א'-ד').

אז די אידן זיינען אָנגעקומען אין מדבר סין, א מאָנאַט שפּעטער נאָך זייער ארויסגיין פון דעם לאַנד מצרים, האָט אָנגעהויבן זיי אויספעלן ברויט. דאָ האָבן זיי שוין מער ניט געקענט זיך איינהאַלטן, און אָנגעפאַנגען אָפן צו פּראָטעס־טירן געגן דער הנהלה פון משה'ן און דער השגחה פון דעם רבונו של עולם. דער הונגער האָט זיי, ווי עס ווייזט אויס, אזוי געפּלאָגט, אז זיי האָבן זיך אפילו ניט געשעמט צו זאָגן דאָס זיי האָבן חרטה וואָס זיי זיינען ארויס פון מצרים. אָנקומענדיק שפּעטער קיין רפידים האָט זיי ווידער אויס־געפעלט וואסער. באלד נאָכדעם זיינען אָנגעקומען די עמלקים און אָנגעפאלן אויף זיי.—בקיצור, פון דעם טאָג וואס די אידן זיינען ארויס פון מצרים האָט זיי ניט אויסגעפעלט קיין צרות: האָבן זיי געהאַט ברויט, האָט זיי אויסגעפעלט וואסער, האָט משה געקראָגן אביסל וואסער פאר זיי, זיינען זיי געבליבן אָן ברויט, און אז זיי האָבן שוין געהאַט ברויט מיט וואסער, זיינען זיי באפאלן געווארן פון די עמלקים און פון אנדערע שבטים, וועלכע האָבן ארומגעוואנדערט אין יענער צייט אין די מדבריות.

אָבער די אלע צרות, וואס די אידן זיינען אויסגעשטאַנען אין דעם מדבר, די ערשטע צוויי יאר, זיינען געווען כקלפּת השום געגן די צרות וואס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין די קומענדיקע אכט און דרייסיק יאָר פון זייער נע ונד'ישן לעבן אין דעם מדבר.

זייענדיק אַנטוישט, ווי איך האָב פריער געזאָגט, פון משה'ס הנהלה און דעם רבונו של עולם'ס השגחה, האָבן די אידן ניט געוואָלט גלויבן, אז מען פירט זיי צו א לאַנד פון „זבת חלב ודבש", האָבן זיי געשיקט מרגלים קיין ארץ כנען צו אויסקוקן דאָס לאַנד.

עס איז געווען ניט מער ווי נאַטירלאך, אז די מרגלים, וועלכע זיינען געווען דערשראָקן און דערשלאָגן פון דעם שעבוד מצרים, זאָלן זיך דערשרעקן פאר די ענקים (ריזן) פון ארץ כנען, און זאָלן, דארום, קומענדיק צוריק, אָפּגעבן א שלעכטן באַריכט פון דעם לאַנד, וועלכן זיי האָבן אויסגע־קוקט, און אז דאָס גאַנצע פאָלק זאל זיך דארום אַנטזאָגן צו

גיין קיין ארץ כנען. ווערט דער רבונו של עולם אין כעס אויף די אידן און איז גוזר, אז זיי זאָלן פאַרבלייבן אין דעם מדבר פאַר נאָך 38 יאָר. עס האָט ניט געהאָלפן קיין חרטה און עס האָט ניט געהאָלפן קיין געוויין, — די גזרה איז א גזרה; און די אָרימע שקלאַפן האָבן געמוזט זיך אונטער־וואַרפן אונטער דער דאָזיקער גזרה; זיי זיינען געווען גע־צוואונגען צו בויען סוכות און פאַרבלייבן אין דעם מדבר. עס דונערט און עס בליצט, עס רעגנט און עס שטורעמט — און די אָרימע אידעלאַך מוזן זיצן אין סוכות, די אַלטנדיקע זייערע נשמות אין די הענט.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן זיינען זיי געווען געצוואונ־גען צו פאַרבלייבן אין דעם וויסטן מדבר. איך זאָג „צו פאַר־בלייבן", ווייל פון דאָרט זיינען זיי שוין ניט אַרויס; דאָרט, אין דעם מדבר הגדול והנורא, האָבן די יוצאי מצרים נעבאך געמוזט אָוועקלייגן זייערע צושלאָגענע, אויסגעאַרבעטע און אויסגעדאַרטע ביינער. געהאַפט און געהאָפט צו קומען צו דער „ארץ זבת חלב ודבש", אָבער בא דער האָפענונג זיינען זיי ליידער געבליבן; זיי האָבן ניט געהאַט די זכיה צו קומען קיין ארץ כנען.

דוכט זיך, א געגנוג טרויעריקע לאַגע; טרויעריקער קען שוין ניט זיין! פונדעסטוועגן קומט די תורה און זאָגט אונז אָן: „בסוכות תשבו שבעת ימים; כל האזרח בישראל ישבו בסוכות; ושמחתם לפני ד' אלוהיכם שבעת ימים" (ויקרא כ"ג, מ"ב). — אין סוכות זאָלט איר זיצן זיבן טעג; אַלע איינגעבוירענע אין ישראל זאָלן זיצן אין סוכות; און איר זאָלט זיין פריילאַך פאַר אייער גאָט זיבן טעג, „כי בסוכות הושבתי את בני ישראל בהוציאי אותם מארץ מצרים" (שם). — ווייל איןביידלאַך האָב איך געמאַכט זיצן די קינ־דער פון ישראל, ווען איך האָב זיי אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים.

א גדולה האָט אונז געטראָפן! מיר דאַרפן זיצן ניט וויניקער ווי זיבן טעג אין סוכות, און זיין פריילאַך נאָך דערצו, ווייל אונזערע אור־עלטערן זיינען אַמאָל געזעסן אין סוכות טעג און נעכט, אין צייטן פון שטורעמס און רעגנס.

א גרויסע טובה האָט זיי דער רבונו של עולם געטאָן! אנשטאט צו זיצן אין סוכות און זיין פריילאך, וואלטן מיר געדארפט זיצן אויף דער ערד און זאָגן קינות אויף דעם גרויסן חורבן וואס האָט באפאלן די יוצאי מצרים.

אָבער בעצם ניט דאָס מיינט די תורה. דאָס הייסט, ניט פאר די זינד פון די מרגלים זיינען די יוצאי מצרים פארבליבן אין דעם מדבר 38 יאָר, און ניט צוליב דעם זיינען זיי אויסגעשטאָרבן אין דעם מדבר. די אורזאך איז געווען אן אַנדערע: צפה הקדוש ברוך הוא וראה, אז מיט אזעלכע פראים, ווי די יוצאי מצרים, וועט מען ניט קענען קומען קיין ארץ כנען און פירן מלחמות מיט אזעלכע ציוויליזירטע פעלקער ווי די עמי כנען. ווייל מענטשן וואָס זיינען פייאיק אויף צו מאַכן אן עגל הזהב, נאָכדעם ווען זיי האבן געזען דעם כח אלהים אין מצרים און אויף יענער זייט מצרים, און מענטשן וואס וויסן ניט וואס א לאנד איז, און דאָך זיינען זיי באַרייט צו שיקן מרגלים, גאָט אויף צו להכעיס, אזעלכע מענטשן זיינען ניט פאַסיג אָנצופירן מלחמות. אויף צו פירן מלחמות מוז מען זיין עטוואס ציוויליזירט; מען מוז נעמען באפעלן און וויסן ווי זיי אויסצופירן; אויף צו פירן מלחמות האָט מען געדארפט האָבן א יונגן דור, א דור מיט א וויטערן בליק אויפן לעבן; א דור וואָס זאָל זיין מרוצה מקריב צו זיין זיינע פערזענלאכע באדערפענישן צוליב דעם צוקונפט פון דעם כלל.

דארום זאגט אונז די תורה: „בסוכות תשבו שבעת ימים ושמחתם לפני ד' אלוהיכם". איר, אידן, זייט פריילאך וואס די יוצאי מצרים, דער עם הדומה לחמור, זיינען געזעסן אין סוכות און פארבליבן אין דעם מדבר, ווייל ווען דאָס זאָל ניט געווען פאַסירן, וואָלטן די אידן זיכער ניט געווען אריינגעקומען אין זייער לאַנד, ארץ ישראל, און מיר, זייערע קינדער, וואָלטן איצט ניט געהאַט קיין היסטאָרישן קליים אויף דעם לאנד; און מיר וואלטן אויף אייביק פארבליבן א פאָלק אָן א לאַנד. אָבער א דאנק דעם צופאל פון „כי בסוכות הושבתי את בני ישראל..." האָפן מיר, אז מיט דעם כח פון א שטארק פאראייניקטן פאָלק, וועלן מיר זוכה זיין צו קומען אין אונזער לאַנד, און ווידער אויפבויען את סוכת דוד הנופלת.

# יום טוב סוכות -- א סימבאל פון גלות

כמעט יעדער יום טוב פון די אידישע ימים טובים — אויסער ראש השנה און יום כפור — ווערט געפייערט צוליב א געשעעניש וואָס האָט פּאַסירט אין דעם לעבן פון דעם אידישן פאָלק מיט טויזנטער יאָרן צוריק; א געשעעניש, וואָס האָט קיין פארבינדונג און קיין עהנלאכקייט ניט צום אידישן לעבן אין גלות. דער יום טוב סוכות, אָבער, איז פארשידן פון אלע אנדערע אידישע ימים טובים.

„בחמשה עשר יום לחדש השביעי הזה חג הסוכות"..., זאָגט אונז אָן די תורה, „בסוכות תשבו שבעת ימים... כי בסוכות הושבתי את בני ישראל בהוציאי אותם מארץ מצרים" (ויקרא כ"ג, ל"ד—מ"ד). אין פופצענטן טאָג אין דעם דאזיקן חודש איז דער יום טוב פון סוכות... אין סוכות זאָלט איר זיצן זיבן טעג... ווייל אין ביידלאַך האָב איך גע־מאַכט זיצן די קינדער פון ישראל ווען איך האָב זיי ארויס־געצויגן פון לאַנד מצרים.

מיר דארפן זיצן יעדן יאָר, אין דעם חודש תשרי, זיבן טעג אין סוכות, ווייל אונזערע אור־עלטערן זיינען אַמאָל געזעסן פערציק יאָר אין סוכות, אין דעם מדבר, זייענדיק אויף זייער וועג פון מצרים קיין ארץ ישראל.

עס איז זייער גרינג צו באַמערקן, אז דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער לעבן פון דעם אידן, פון דער צייט פון דעם גלות פון די עשרת השבטים (סאַרגאָן דער צווייטער, דער קעניג פון אשור, האָט פארטריבן די צעהן שבטים אין דעם יאָר 722 פאר דער קריסטלאכער צייט רעכענונג) — ביז היינטיקן טאָג, איז שטאַרק ענלאַך צו דעם נע ונד'ישן לעבן פון זיינע אור־עלטערן אין דעם מדבר. די קללה פון „בסוכות הושבתי" ווערט אין אונז מקוים, פאר די לעצטע 2600 יאָר,

בכל דקדוקיה ופרטיה. מיט אַנדערע ווערטער, אין דעם יום טוב סוכות, וועלכער ווערט געפייערט אלס אנדענק פון דעם „בסוכות הושבתי", שפּיגלט זיך אָפּ דער גאַנצער לעבן פון דעם אידן אין גלות; דער יום טוב סוכות איז א סימבאָל פון גלות.

מיט דעם גלות פון די עשרת השבטים האָט זיך אָנגעהויבן, פארן אידישן פאָלק, א סדרה פון זיצן אין סוכות 27.290 אידן, די בעסטע קינדער פון פאָלק, זיינען געווען געצוואונגען צו פארלאָזן זייער היים-לאַנד, נעמען דעם שטעקן אין האַנט, און גיין וואַנדערן, זייענדיק צובראכן אין קערפּער און גייסט, איבער די ווּיסטע בערג פון מדי און איבער די דערפער פון עילם (מלכים ב׳ י"ז, ו׳). א געוויסער צאָל אידן האָט ארויסגעוואַנדערט קיין פיניקיע.

ווער קען באַגרייפן ווי גרויס דאָס אומגליק איז פון איינעם, וועלכער מוז פארלאָזן זיין היים און זיין לאַנד, וואו ער, זיינע עלטערן און אור-עלטערן האָבן געוואוינט פאר הונדערטער יאָרן לאַנג, און גיין בויען א סוכה, פאר זיך און זיין פאַמיליע, ערגעץ אויף ווּיסטע בערג און אין פארוואָרפענע דערפער פון ווייטע לענדער און צווישן גאַנץ פרעמדע און אומבאַקאַנטע פעלקער, וועמעס שפּראך ער קען ניט פארשטיין, און מיט וועמען ער האָט קיין פאַרבינדונג, ניט קערפּערלאך און ניט גייסטיק. אזא איבערלעבונג מוז זיין טויזנטער מאָל שרעקלאַכער ווי דער טויט.

מיט אומגעפער 140 יאָר שפּעטער, נאכ'ן חורבן פון בית ראשון, האָט זיך אָפּגעשפּילט די זעלבע טראַגעדיע מיט די איבעריקע צוויי שבטים: יהודה און בנימין. פון די שארית הפליטה, וואס איז איבערגעבליבן פון שווערד, הונגער און מגפות, זיינען 100.000 אידן ארויסגעטריבן געווארן קיין בבל, א געוויסע צאָל האָט ארויסגעוואַנדערט קיין מצרים, און א ניט באַדייטנדער טייל — קיין פיניקיע.

„על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו בזכרנו את ציון..." (תהלים קל"ז, א׳). — לעבן די טייכן פון בבל זיינען מיר געזעסן און געוויינט, ווען מיר האָבן זיך דערמאָנט ווענן ציון — דערציילט אונז, שפּעטער, איינער פון די פארטריבענע פאָעטן.

זיצט אַ פאָלק לעבן די טייכן פון אַ פרעמד לאַנד, קער־פערלאַך צובראָכן און גייסטיק צוטרייסלט, און קלאָגט און יאָמערט אויף דער נאַציאָנאַל און סאָציאַל־עקאָנאָמישער קאַטאַסטראָפע וואָס האָט אים באַפאַלן. אוועקגערויבט, בײַ דער האַנט פון ביטערן שיקזאַל, פון זיין לאַנד און היים, מוז ער איצט אָנפאַנגען אויף דאָס נײַ בויען סוכות אין אַ פרעמד לאַנד.

און אויב דער גלות, אָדער בעסער געזאָגט, דער גירוש פון די עשרת השבטים, אַזוי גוט ווי דער גירוש פון די 100,000 אידן, נאָך דעם ערשטן חורבן, זיינען פאָרגעקומען צוליב ריין פּאָליטישע מאָטיוון, זיינען די שפּעטערדיקע גירושים, פון וועלכע מיר וועלן ריידן אין קאָנזעקווענץ, פאָר־געקומען ניט בלויז צוליב פּאָליטישע, נאָר אויך צוליב רע־ליגיעזע, עקאָנאָמישע און סתם ראַסן־האָס מאָטיוון.

די זעלבע טראַגעדיעס, וועלכע זיינען פאָרגעשטעלט געוואָרן אין דעם טעאַטער פונם אידישן לעבן, בײַ אַזעלכע גרויסע רוצחים־,,קינסטלער" ווי סאַרגאָן דער צווייטער מלך אשור און נבוכדנצר מלך בבל, האָבן זיך איבערגע׳חזר׳ט, מיט יאָרן שפּעטער, אונטער דער ממשלה פון די רוימישע קעניגע־רוצחים, טיטוס הרשע, און נאָך אים, אונטער דעם קעניג אדריאַנוס (געקעניגט אין די יאָרן 138־117 לויט דער קריסטלאַכער צייט רעכענונג).

דער צווייטער, נאָך מער פון דעם ערשטן, האָט געוואָלט אויסרייסן דאָס גאַנצע אידישע פאָלק מיט׳ן שורש. אונטער אים איז געפאַלן די שטאָדט ביתר; די שטאָדט, וואוהין עס האָט זיך צונויפגעזאַמלט די גאַנצע שארית הפליטה פון דעם אידישן פאָלק נאָכ׳ן צווייטן חורבן. ער איז דאָס געווען דער מערדער, וואָס האָט גוזר געווען, אַז די אידן זאָלן מחלל שבת זיין, זאָלן ניט מל זיין זייערע קינדער, זאָלן פאַרשוועכן אַלע זייערע הייליקע דינים און מנהגים, וועלכע זיינען דער קווינט עסענץ פון דעם גאַנצן אידישן ,,איך". ווער ס׳האָט געוואָגט ניט אויסצופירן אָט די אַלע גזרות, איז קאַלטבלוטיק דערמאָרדעט געוואָרן אָדער פאַרפייניגט געוואָרן צום טויט דורך פאַרשידענע באַרבאַרישע פייניגונגען (די ,,עשרה הרוגי

מלכות״). נאָר די וועלכע האָבן געקענט אנטלויפן אין צייט, האָבן געקענט זיך מציל זיין פון א זיכערן טויט אָדער פון די הענט פון שמד.

און אידן לויפן ווידער! מחנות אידן זיינען געלאָפן (ממש געלאָפן!) קיין מעסאָפּאָטאַמיע און אַראַביע (צענדליקע טויזנטער אידן זיינען פארקויפט געווארן אלס קנעכט בּאַ טיטוס׳ן אין פארשידענע לענדער; פילע פון זיי זיינען אָנגע־קומען קיין שפּאַניע).

עס איז באשערט געוועזן, אז אויך פּערסיען, די מדינה, וועמענס קעניג (כרש) האָט געהאַט די גרויסע זכיה צו דער־לויבן די אידן, נאָכ׳ן ערשטן חורבן, זיך אומצוקערן צוריק צו זייער לאַנד, אז אויך איר זאָל די געשיכטע אריינגעמען אלס רינג אין דער גרויסער קייט פון די אידישע אומגליקן. מיט אומגעפער 340 יאָר נאָכ׳ן חורבן ביתר, אונטער דעם קעניג פירוז*), האָט זיך אָנגעפאנגען פאר די אידן א סדרה פון נייע גזרות, וועלכע האָבן איבערגעשטייגט די לעצטע פון דעם קעניג אדריאַנוס. קעניג פירוז האָט געפאָדערט פון די אידן אז זיי זאלן זיך שמדן (זיי זאָלן דינען צו דעם גאָט פון פייער). און אזוי ווי די אידן האָבן זיך אָנטזאגט אויסצופאָלגן דעם קעניגס פארלאנג, האָט ער געהייסן אוועקנעמען מיט גע־וואלט קליינע קינדער פון זייערע עלטערן און איבערגעבן זיי אין די הענט פון שמד. די אידן פון בבל זיינען געווען די ערשטע צו ליידן פון דער גזרה. פילע אידן זיינען געטויטעט געווארן. פילע פון די ישיבות זיינען צוגעמאַכט געווארן, און פילע זיינען חרוב געווארן. אידן האָבן ניט געהאַט קיין אַנ־דער ברירה ווי צו פארלאָזן זייערע היימען, נעמען די פּעקלאך אויף די פּלייצעס, און גיין בּויען סוכות אין פרעמדע לענדער. אידן זיינען געלאָפן צו דרום זייט — קיין אראביע און צו מזרח זייט — קיין אינדיע.

אין דער צייט פון די מסעי הצלב (קרייץ צוגן), אין ענדע פון עלפטן יאָרהונדערט, זיינען די אידן פון בּאָהעמיע געווען געצוואונגען, כדי זיך צו רעטען פון שמד (פון קרים־

---

*) איינער פון די סאַסאַנידישע קעניגן.

מענטום), צו פארלאזן דאָס לאַנד און גיין וואנדערן איבער די שטעדט און שטעדטלאך פון פוילן און עסטרייך־אונגאַרן. דאָס זעלביקע האָט פּאַסירט מיט 50 יאָר שפּעטער (1146), אין דער צייט פון די צווייטע קרייץ צוגן. די אידן פון אַפ־ריקע האָבן פארלאָזט זייערע היימען, כדי צו רעטן זיך פון די הענט פון איסלאַם, און האָבן אויסגעוואנדערט קיין שפּאַניע, איטאַליע און אַנדערע לענדער.

מיט 145 יאָר שפּעטער האָט זיך דער צאָרן אויסגעגאָסן אויך אויף די אידן פון ענגלאַנד. נאָך עטלעכע יאָר פון פּאָג־ראָמען, וועלכע זיינען פארגעקומען צוליב פארשיידענע בלבולים וואס די פינצטערע מאַסן האָבן אויסגעטראַכט אויף די אידן, האָט דער קעניג, עדוואַרד דער ערשטער, גוזר געווען, אז אלע אידן פון ענגלאַנד זאָלן פארלאָזן דאָס לאַנד. און די אומגליקלאכע אידן גענומען ווידער דעם וואנדער־שטעקן אין האַנט און גייען קלאַפּן אין די טויערן פון פרעמדע לענדער. אָקטאָבער דעם ניינטן, 1290, האָבן 16,511 אידן פארלאָזן ענגלאנד, — א לאנד, וואו זייערע אור־עלטערן האָבן גע־וואוינט אין א משך פון איבער 400 יאָר.

אז פיליפּ דער פיערטער, קעניג פון פראַנקרייך, האָט געדארפט האָבן געלט, כדי אָנצופירן די מלחמות מיט די פלעמישע מלוכה׳לאך, איז ער געפאלן אויף א המצאה: ער וועט אַרויסטרייבן די אידן פון לאַנד און ער וועט קאָנפיס־קירן זייער גאַנצן פארמעגן. און אין א שיינעם פריהמאָרגן האָט דער נידערטרעכטיקער קעניג מודיע געווען, אז אין א חודש שפּעטער מוזן אלע אידן פון פראנקרייך פארלאָזן דאָס לאַנד. אין סעפּטעמבער, 1306, האָבן ארום 100,000 אָרעמע, נידערשלאָגענע און דערשראקענע אידן געווען געצוואונגען צו פארלאָזן פראַנקרייך און גיין זוכן א נייעם גלות. (מיט ניין יאָר שפּעטער האָט זיי דער קעניג, לואי דער צענטער, דערלויבט אומצוקערן זיך צו זייערע ערטער. אין אָנפאַנג פון דעם יאָר 1395 זיינען זיי ווידער ארויסגעטריבן געווארן פון פראַנקרייך).

אָבער די אלע אומגליקן, וואס די אידן האָבן איבער־געלעבט אין א משך פון 2200 יאָר האָבן נאָך, ווי עס ווייזט

אויס, ניט פארפילט די מאָס פון זייערע צרות, און א נייער צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די קעפּ פון דעם אידישן פאָלק. די שפּאַנישע מלוכה, אונטער דער השפּעה פון דעם פינצטערן קלעריקאַליזם, האָט געוואָלט פארטרינקען דאָס אידישע פאלק אין א ים פון שמד. און אזוי ווי די אידן אלס א כלל האָבן זיך אנטזאגט נאָכצוגעבן איר פאָדערונג, האָט די מלוכה פארפייניקט צום טויט, אונטער דער פירערשאפט פון דעם מערדערלאכן תלין, טאָרקוועמאַדאָ, טויזנטער אידן, און אויף די איבעריקע אידן גוזר געווען צו פארלאָזן דאָס לאַנד.

אוגוסט דעם צווייטן (תשעה באב), 1492, האָבן דריי הונדערט טויזנט אידן געמוזט פארלאָזן שפּאַניע. די אומגליקלאכע האָבן זיך אוועקגעלאָזט איבער אלע וועגן: ווער קיין נאַוואַר (צפון זייט), ווער קיין אפריקע, ווער קיין איטאַליע און ווער קיין טערקיי. מערערע פון זיי (95,000) זיינען אוועק קיין פּאָרטוגאַל, פון וואנען זיי זיינען דעם קומענדיקן יאָר ארויסגעטריבן געווארן אָדער פארקויפט געווארן פאר קנעכט בּאַ דעם משוגע׳נעם קעניג, יאָהאַן דעם צווייטן. די גריכישע אינזלען: קאָרפו, קריט און אנדערע זיינען געווען פול מיט אידן פון שפּאַניע (אידן פון שפּאַניע זיינען שפּעטער אָנגעקומען קיין סיריען, קליין אזיע, ארץ ישראל און עגיפּטן).

אָבער דער גירוש שפּאַניע איז ניט געווען דער לעצטער. די סוכות, וועלכע די אומגליקלאכע אידן פון שפּאַניע האָבן אויפגעשטעלט אין די לענדער, אין וועלכע זיי זיינען אריינגעוואָרפן געווארן בּאַ דער האַנט פון ביטערן גורל, האָבן לאַנג ניט געקענט עקזיסטירן. רעליגיעזער אנטיסעמיטיזם און סתם ראסן־האָס האָבן זיי פּיס־טריט בּאַגלייט אויף זייער וועג, וואו נאָר זיי זיינען געגאַנגען און וואו נאָר זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

צווישן די לענדער פון דער וועלט, וועלכע האָבן בּייגעטראגן צו דער געשיכטע פון אידישן פאָלק, געפינט זיך אויך רוסלאַנד. די לעצטע, אזוי גוט ווי די אלע אנדערע לענדער, האָט אָנגעשריבן איינעם פון די שרעקלאכסטע קאַפּיטלאך אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק. אין א משך פון 36 יאָר

(פון מאַרטש דעם 13־טן, 1881, ביז מאַרטש דעם 15־טן, 1917 *), האָבן די אידן איבערגעלעבט אומבאַשרייבלאכע איבערלעבונגען: פּאָגראָמען און גירושים, פון דאָרף אין שטאָט און פון איין שטאָט אין דער צווייטער, זיינען פאַרגעקומען כמעט יערלאך. אידן האָבן שוין מער ניט געקענט איבערטראָגן. עס איז פאַר זיי געבליבן נאָר איין אויסוועג — עמיגראַציע. — און אין אָנפאַנג פון די ניינציקער יאָרן (פון לעצטן יאָר הונדערט) זיינען די אידן געוועזן געצוואונגען צו נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין דער האַנט און גיין קלאַפּן אין די טויערן פון דייטשלאַנד, עסטרייך, פראַנקרייך, ענגלאַנד, צפון און דרום אמעריקע. דער מער אידעאַליסטישער עלעמענט, האָט עמיגרירט קיין ארץ ישראל. ניט ווייניקער ווי א מיליאָן אידן האָבן פאַרלאָזט רוסלאַנד אין א משך פון עטלאכע יאָר. (זייט דאַן האָבן אידן ניט אויפגעהערט צו עמיגרירן פון רוסלאַנד).

עס האָט ניט לאַנג געדויערט און א נייער קאַפּיטל איז צוגעקומען אין דער געשיכטע פון די אידישע גירושים; א המן הרשע איז אויפגעשטאַנען אין דייטשלאַנד, היטלער שמו (ימח שמו), און ויאמר אל עמו: „ישנו עם אחד”... עס געפינט זיך א פאָלק צווישן אונז, וועלכע האָט אין זיך ניט קיין איין טראָפּן בלוט פון אן אַריער, וועלכע פאַרכאַפּט אונזערע פרנסות און גראָבט אונטער די סאַמע יסודות פון דעם עקזיסטענץ פון דעם גאַנצן דייטשישען פאָלק, — „ולנו אין שווה להניחם” — און דאַרום דאַרפן מיר אים אומברייננגען פון דער וועלט. פּייניגונגען, שחיטות און באָיקאָט זיינען געווען דער ענטפער וואָס די ווילדע דייטשישע אנטיסעמיטן האָבן געגעבן אויף דער דאַזיקער פּראָפּאַגאַנדע פון היטלער הרשע, אזוי שנעל ווי ער איז געקומען צו דער מאַכט אין אָנהויב פון יאָר 1933. ווי געוויינלאך פירן פּאָגראָמען צו

---

*) דעם 13־טן מאַרטש, 1881, איז אלעכסאַנדער דער צווייטער ערמאָרדעט געוואָרן און אלעכסאַנדער דער דריטער איז געוואָרן קעניג; מאַרטש דעם 15טן, 1917, האָט ניקאָלאַי דער צווייטער אפּגעדאַנקט פון טראָהן.

עמיגראַציע. אידן זיינען געווען געצוואונגען צו צוברעכן זייערע סוכות און גיין בויען סוכות ערגעץ אין פראַנקרייך, בעלגיען, ענגלאַנד, האָלאַנד, פוילן (א צווייטער, ביטערער גלות), ארץ ישראל און אין זיד אמעריקע.

א פעריאָדע פון איבער 2600 יאָר, פול מיט „וַיִסעו"ם און „ויחנו"ם, איז די געשיכטע פון אידישן פאָלק. אידן זיצן אין סוכות, פון דער צייט פון גלות עשרת השבטים — ביז היינטיקן טאָג. עס ווילט זיך אָבער האָפן, אז מיר וועלן איבער לעבן די שווערע צייטן פון „בסוכות הושבתי", און מיר וועלן ענדלאַך דערלעבן די צייט פון: „כי הנה ימים באים, נאום ד', ושבתי את שבות עמי ישראל ויהודה, והשיבותים אל הארץ אשר נתתי לאבותם — וירשוה" (ירמיה ל', ג'). — ס'וועלן קומען טעג, זיינען די רייד פון גאָט, אין וועלכע איך וועל אומקערן צוריק מיין פאָלק ישראל און יהודה צו דעם לאַנד, וועלכן איך האָב געגעבן צו זייערע אור-עלטערן, און זיי וועלן עס ירש'ענען.

# סוכות--א סימבאָל פון דעם אידן

עס איז ניט מער ווי נאַטירלאַך, אז א יום טוב פון א פאָלק זאָל ארויס צייגן די אלגעמיינע גייסטיקע שטריכן פון דעם פאָלק. פון א יום טוב פון א פאָלק קענען מיר לערנען וועגן זיינע געוויסע איבערלעבונגען אין דער פארגאנגענהייט (עבר) און אויך וועגן זיינע שטרעבונגען אין דער געגענווארט (הוה) פאר דער ווייטער צוקונפט (עתיד). דורך די עקס-רעים פון א יום טוב קענען מיר ארייננקוקן אין דער טיפעניש פון דער נשמה פון א פאָלק. דאָס זעלבע איז ריכטיק אויך וועגן די אידישע ימים טובים. דער יום טוב סוכות, צום ביישפיל, שטעלט ארויס דעם ה„אני הקבוצי‟, דעם נאַציאָנאַלן „איך‟ פון דעם אידן, אין קלאָרע פארבן; דער יום טוב סוכות איז א סימבאָל פון דעם אידן.

מיר לייענען אין דער תורה, אין פרשה אמר, די פאָלגענדע ווערטער וועגן סוכות: „בחמשה עשר יום לחדש השביעי הזה חג הסוכות... בסוכות תשבו שבעת ימים... כי בסוכות הושבתי את בני ישראל‟... אין פופצענטען טאָג פון דעם דאָזיקן זיבעטן חודש איז דער יום טוב פון סוכות...*) אין סוכות זאָלט איר זיצן זיבן טעג... ווייל אין ביידלאַך האָב איך געמאכט זיצן די קינדער פון ישראל. באַלד נאכדעם לייענען מיר די ווערטער: „ביום השמיני מקרא קדש יהיה לכם... עצרת היא‟... אויפן אַכטן טאָג זאָל א הייליקע צונויפרופונג זיין בא אייך... עס איז אַ טאָג פון פארהאַלטונג. זאָגן דערויף די חז״ל: „עצרתי אתכם אצלי... בבקשה מכם

---

*) די תורה רעדט דאָרט אויך וועגן דעם „חג האסיף‟, וועלכער איז דעמאָלט געווען פארבונדן מיט דעם אגריקולטורעלן לעבן פון דעם אידן אין זיין אייגענעם לאַנד.

עכבו עמי עוד יום אחד; קשה עלי פרידתכם". — דער רבונו של עולם זאָגט צו די אידן: איך פארהאַלט אייך מיט מיר... ביטע, פארבלייבט מיט מיר נאָך איין טאָג; אייער אוועקגיין פון מיר איז שווער פאר מיר. מיט אַנ־דערע ווערטער, אין דעם „שמיני עצרת", וועלכער איז א רגל בפני עצמו, דארפן מיר זיך מזדווג זיין מיט'ן רבונו של עולם, וועלכער איז דער נצח ישראל, די אייביקע האַ־פענונג פון דעם אידן.

אין קורץ, די ערשטע זיבן טעג סוכות רעפּרעזענטירן דעם אידישן עבר, און שמיני עצרת — זיין עתיד, — און דאָס מיינט, אז אין דעם יום טוב סוכות שפּיגלט זיך אָפּ די גאַנצע כאַראַקטעריסטיק פון דעם אידן.

דער איד, ווי מאַטעריאַליסטיש און אויסגערעכנט ער זאָל ניט זיין, און אין וואָס פאר א צייט און אָרט ער זאָל זיך ניט געפינען, דאָך מיינט פאר אים דער הוה זייער ווייניק. דעם אידנס נשמה איז פארנומען מיט'ן עבר און זיין געדאַנק מיט'ן עתיד. נשמה און געדאנק — די צוויי זיינען דער מענטש, און דאָס איבעריקע איז „חיה" — און אין בעסטן פאַל — „בהמה". אין דער צייט וואָס די נשמה בייגקט נאָכן ווייטן עבר, ווי גרויזאַם און טרויעריק ער זאָל ניט זיין, אין דערזעלבער צייט איז דער געדאנק פארנומען מיט'ן עתיד. מיר פאנגען אָן יעדן טאָג אונזער תפילה מיט „יציאת מצרים" („ויאמר משה, זכור את היום... אשר יצאתם ממצרים") — מיט'ן ווייטן עבר, און מיר פארענדיקן זי מיט „ביאת המשיח" („אני מאמין באמונה שלמה בביאת המשיח...") — מיט'ן גרויסן עתיד.

מיר, אידן, זיינען א פאָלק פון אן עבר און אן עתיד; מיר האָבן ניט קיין הוה; אונזער הוה איז בבחינת „התקן עצמך בפרוזדור כדי שתכנס לטרקלין" — גרייט זיך צו אין קאָרידאָר כדי דו זאָלסט קענען ארייגקומען אין דעם פּאַלאַץ. — דער חומר פון הוה איז פאר אונז וויכטיק אויף אזוי פיל, אויף וויפיל ער קען אויפטאָן פארן רוח פון אונזער עתיד. מיר גיבן אוועק אונזערע צענדליקע און הונדערטער טויזנטער דאָלאר פאר תלמוד תורה'ס,

ישיבות, בתי מדרש לרבנים און אנדערע גייסטיקע און וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן; מיר גיבן אָפּ אונזערע מיליאָנען אויף ארץ ישראל, און מיר שיקן אַוועק צענדליקע מיליאָנען דאָלאַר אויף יענער זייט ים צו אונזערע ברידער, הנתונים בצרה ובשביה.

דאָס אידישע פאָלק איז אַנדערש, אין דעם הינזיכט, פון אַלע אַנדערע פעלקער; ניט נאָר פון די בני חם ויפת, נאָר אויך אפילו פון די איבעריקע בני שם. אַלע אַנדערע פעלקער דענקען זייער ווייניק פון דעם עבר, און זיינען כמעט גאָרניט פאַראינטערעסירט אין דעם עתיד; פאַר זיי איז וויכטיק נאָר דער הוה (דער אַראַבער זאָגט: דאָס וואָס איז אַוועק איז פאַרפאַלן; די האָפענונג איז ווייט; דער עיקר איז די שעה אין וועלכער דו לעבסט). און אויב זיי דענקען שוין יאָ וועגן עבר, דענקען זיי נאָר וועגן דעם מאַטעריאַלן עבר, פון וועלכן זיי קענען לערנען אַ „קל וחומר" און אַ „גזרה שוה" אין צוזאַמענהאַנג מיטן הוה.

סאַרגאָן דער ערשטער, דער לאָרד פון די גרעסערע שטאָטן פון בבל, טהוטמאָס דער דריטער מלך מצרים, סאַרגאָן דער צווייטער מלך אשור (וועלכער האָט פאַרטריבן די עשרת השבטים), כרש מלך פרס, אַלעכסאַנדער דער גרויסער, יוליוס צעזאַר, נאַפּאָלעאָן דער ערשטער און פילע אַנדערע, זיינען באַרימט געוואָרן, יעדער איינער פון זיי, אין דער געשיכטע פון זיין פאָלק, ניט צוליב זייערע גייסטיקע, נאָר צוליב זייערע מאַטעריעלע אויפטואונגען; איינער — פאַר איינגעמען שטעדט און דערפער פון אַ צווייטער מלוכה, אַ צווייטער — פאַר ברייננגען פּראָספּעריטי אין זיין לאַנד, און אַ דריטער — פאַר ביידע זאַכן. מיר, אידן, זיינען ניט פאַראינטערעסירט אין דעם חומר פון דעם עבר. פאַר אונז איז דוד המלך ניט וויכטיק אַלס דער גבור מנצח, אין וועמענס צייטן ארץ ישראל האָט דערגרייכט אירע אידעאַליסטישע גרענעצן (שמואל ב' ח', י"ב—ט"ו). מיר פאַרגעסן אפילו דעם פאַקט, וואָס דוד המלך האָט איינגענומען די שטאָט ירושלים פון די יבוסים און האָט זי אַוועקגעגעבן דעם אידישן פאָלק... מיר האָבן

כמעט ווי פארהייליקט דוד המלך'ן אלס דעם נעים זמירות ישראל; דער, וועלכער האָט אָנגעשריבן דעם גרעסטן טייל פון תהלים, און אויך צוליב דעם וואָס מיר גלויבן און האָפן, אז דער משיח וועט זיין פון בית דוד. מיר האַלטן טייער דעם אָנדענק פון שלמה המלך'ן ניט צוליב דעם, וואָס אין זיין צייט איז געווען א גרויסע פּראָספּעריטי אין לאַנד — „אין כסף לא נחשב בימי שלמה למאומה" (מלכים א', י', כ"א) — זילבער האָט אין שלמה'ס צייטן קיין ווערט ניט געהאַט. שלמה המלך איז בּאַ אונז טייער פאַר דעם „שיר השירים", פאַר'ן „קוהלת", וועלכע, לויט דער אידישער טראַדיציע, זיינען געשריבן געוואָרן בּאַ אים; אויך פאַר די „משלי שלמה".

וואָס אָנבּאַלאַנגט דעם עתיד, איז דער דורכשניטלא־כער מענטש פון די אומות העולם, ווי מיר האָבן פריער בּאַמערקט, אין אים אינגאַנצן ניט פאַראינטערעסירט. ווייל צו גלויבן אין אַן עתיד, מיינט אויך צו גלויבן אין דער השגחה עליונה, און צו גלויבן אין דער השגחה עליונה, מיינט צו בּאַמיהען זיך צו פאַרשטיין, אז די בּאַשאַפונג פון דער וועלט, וועלכע ווערט קאָנטראָלירט פון מיליאָנען שטריינגע געזעצן, איז ניט געווען בּלויז א צופאַל, נאָר עס איז געווען — „סוף מעשה במחשבה תחלה". מיט אַנדערע ווערטער, דער בּורא עולם האָט געמוזט האָבן א געוויסן צוועק אין זיין יצירה; א תכלית, וועלכע איז וויכטיק ניט נאָר פאַר דעם בּורא אליין, נאָר אויך פאַר די בּריות העולם. און וויבּאַלד אז עס איז פאַראַן א השגחה עליונה, מיינט עס אז די השגחה איז א פּועלת („פּועל גבורות, עושה חדשות"...) אין עבר, אין הוה און אין עתיד.

בּקיצור, דער ענין פון „עתיד" האָט א נאָהנטע שייכות מיט דעם ענין פון גאָטהייט; עס איז היינו הך, — און דאָס איז א בּיסעלע צופיל פאַר זייערע מוחות, און דארום האָבן זיי עס אינגאַנצן איבּערגעלאָזט צו זייערע דענקער — זיך צו גריבּלען אין דעם. און אָט דאָס איז די דערקלערונג וואָס זיי האָבן בּאַקומען וועגן גאָטהייט פון איינעם פון זייערע גרעסטע דענקערס: לויט אריסטאָטל, דעם גרויסן גריכישן

דענקער, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין דעם יאָר 384 פאַר דער קריסטלאַכער צייט רעכענונג, טוט גאָט אבסאָ־לוט גאָרניט. ער טוט גאָרניט, ווייל ער האָט ניט קיין רצון, קיין צוועק אין ארבייט. גאָט, לויט אריסטאָטל, איז אַבּ־סאָלוט פּערפעקט, און דארום קען ער ניט האָבן קיין רצון צו ארבייט. די איינציקע זאך וואָס גאָט טוט יא, איז — וואס ער זיצט און דענקט וועגן דעם עסענץ פון יעדער זאך; און אזוי ווי ער אליין, ד. ה. גאָט, איז דער עסענץ פון יעדער זאך, דער יסוד פון יעדן עצם, הייסט עס אז גאָט זיצט יומם ולילה און דענקט וועגן זיך אליין.

דאס הייסט, אז אויב גאָט טוט גארניט אין דעם הוה, וועט ער, ווארשיינלאך, גאָרניט טאָן אויך אין דעם עתיד.

פון וואנען נעמט זיך וואס אריסטאָטל און אנדערע קומען צו אזא השערה וועגן גאָט, איז שווער צו פארשטיין. מען קען זיך אבער פארשטעלן, אז דער פאַקט פון „צדיק ורע לו, — רשע וטוב לו", וועלכן די אומות העולם (אויך פילע פון די אידישע אפיקורסים) נעמען, ווי מען זאָגט, at face value, מוז זיין פאראנטוואָרטלאך פאַר אזא השערה. דער דאָזיקער געדאַנק מוז זיי געווים פלאָגן: פאַר וואס זאל אזא אומרעכט געוועלטיקן אין לעבן אויב עס איז דא א השגחה עליונה?

וואָלטן אָבער אָט די אלע פילאָזאָפן א טראכט געטאָן וועגן דעם געזעץ פון דער נאַטור, וועלכער איז באוואוסט, אלס דער געזעץ פון „פּרעזערוואַציע פון מאַטעריע און ענערגיע"; דאָס הייסט, אז קיין זאַך אין דער וועלט גייט ניט לאיבוד, — וואָלטן זיי צו אזעלכע השערות ניט גע־קומען. אויב א „סנה" איז „בוער באש", אויב א בוים אָדער אן אנדער עצם ווערט פארברענט, איז ער „איננו אוכל", — גייט דער עצם ניט אוועק לאיבוד. עס איז ניט מער ווי דער חומר ווערט א פושט צורה און א לובש צורה; עס בייט זיך בלויז זיין פונקציע, זיין געשטאַלט און זיין קאָליר. און אָט דער געזעץ פון דער נאַטור קאָנטראָלירט ניט נאָר דעם חומר, נאָר אויך דעם רוח.

דאָס אידישע פאָלק, וועלכע איז דער „סנה בוער

באַש" פון דער צייט פון דעם „שעבוד מצרים" ביז היט־לער'ן, ימח שמו, איז „איננו אוכל". די טייכן בלוט און די ימים טרערן, וועלכע די אידן האָבן פאַרגאָסן אין דעם משך פון זייער עקזיסטענץ; די הענט און פיס און אַנדערע אברים, וועלכע די אידן האָבן פאַרלוירן אין די פאַרשי־דענע אינקוויזיציעס און פּאָגראָמען, וועלכע די אומות העולם האָבן געמאַכט אויף זיי, — קענען און וועלן ניט גיין לאיבוד. דער גרויסער „עתיד" וועט אונז פאַרגיטיקן פאַר אונזער טרויעריקן עבר. נצח ישראל לא ישקר. מיר וועלן איבערלעבן די טרויעריקע סוכות, אין וועלכע מיר וואַלגערן זיך איצט, און מיר וועלן דערלעבן די צייט פון „והיה כל הנותר מן הגויים הבאים על ירושלים, ועלו מדי שנה בשנה להשתחוות למלך ד' צבאות ולחג את חג הסוכות" (זכריה י"ד, ט"ז). — און עס וועט קומען אַ צייט אַז אַלע יענע, וואָס וועלן בלייבן פון אַלע פעלקער, וועלכע האָבן ירושלים באַלאַגערט, זיי וועלן יאָר־יערלאַך קומען בּוקן זיך פאַר'ן גרויסן גאָט און פייערן דעם יום טוב סוכות.

# דער גרויסער עתיד

**ר א י ת י  א ת  ע מ י . . .**

צובראָכן אין גייסט און אין קערפּער —
לעזנדיק די בלעטער פון מיין פאָלק:
בלעטער פון פארשקלאַפונג און צום־טויט פארפייניקונג,
בלעטער פון הונגער, שחיטות, חורבנות, גירושים, אינקוויזיציעס
און פּאָגראָמען;
פון אויפגעשניטענע בייכער, פון אָפּגעהאַקטע אברים,
בלעטער פון „מי במים ומי באש"..., „מי בחניקה ומי בסקילה"...—
בין איך אוועקגעפאַלן אויף מיין געלעגער.

* *
*

ביז דער ערד איינגעבויגענע קערפּערס,
בלאַסע פּנים'ער, טיף־איינגעגראָבענע אויגן,
פון וועלכע שרעק, דאגה, קריינק און טויט
קוקן ארויס, און ווארפן אַ שרעק אויף דיר.

מען גייט!... וואוהין?... מיט וואָס?...
אויסגע'דאגה'טע, אוסגעדארטע, פארשמאַכטע מוטערס,
האַלטנדיק אין זייערע ארעמס פיצלאַך קינדער,
וועלכע האָבן נאָך דעם טעם פון לעבן ניט פארזוכט,
זיצן — אין דרייען צונויפגעדריימט, אויף וועגענער —
מיט פּעקלעך דלות אָנגעפּאַקט...

מען לויפט!...
ווער מיט אַן אויסגעהאַקטע אויג, ווער מיט אַן אָפּגעשאָסענער
האַנט, און ווער מיט אַן אָפּגעשניטענער ברוסט...
צובלוטיקטע, פארבאַנדאַזשירטע, חשכ'דיקע, צושראָקענע
לויפט מען פון פייער אין וואַסער...

# דאָס פאָלק ישראל

בערג מיט צובראָכענע מעבל, מיט צושמעטערטע כלים,
צושאָטענע פעדערן, צוריסענע ספרים.
און אויף אלץ ליגט א רויטער שטעמפל...
דער שטעמפל פון דאָס אומשולדיק־פארגאָסענע בלוט . . .

ווי די שעפסן, אויסגע׳שחט׳ענע, אזוי ליגן זיי :
מענער, פרויען, אלטע, יונגע, רייכע און אָרימע.
דאָ ליגט א יונגע מוטער,
צום־טויט דערשטאָכן קינד ביי איר זייט ;
דאָרט ליגט א פאָטער,
לעבן אים א טאָכטער זיינע שטייט,
און שפאָלט די הימלען מיט איר געוויין. — — — —

* *
*

עס ברענט א פייער ! . . .
א דאָרן ברענט אין פייער און ווערט ניט פארצערט . . .
לאָמיר אָפּקערן און זען די דאָזיקע גרויסע זעאונג :
פארוואָס דער דאָרן ווערט ניט פארברענט . . .

פּלוצים — א שטארקע שטימע דערהערט :
זען האָב איך געזען די פּיין פון מיין פאָלק ! . . . .

* *
*

— — שטיל און רואיק !
„לא ישא גוי אל גוי חרב״ . . .
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

יעדע פאָלק זיצט אויף זיין לאַנד,
רעדט זיין שפּראַך, דינט צו זיין גאָט . . .
פאָלגט נאָך זיין טראַדיציע, שאַפט זיין קולטור —
לעבט זיין אייגן לעבן . . .

## ס ו כ ו ת

### א ר ץ  י ש ר א ל!

אידן זאמלען זיך פון אלע עקן וועלט,
אידן, פיאנערן, פון ריכטונגען אלערליי;
יעדער איינער — ארומגעכאפט מיט שטארקן ווילן —
צו לעבן זיין אייגן — אידיש־לעבן . . .

מען בויט שטעדט, דערפער און קאלאניעס,
שולעס, שוהלן, שפיטאלן . . .
מען טריקנט זומפן, מען גלייכט אויס בארג און טאל,
מען בויט באנען — אויפן שטייגער פון מאדערנעם לעבן.

מע אקערט, מע זייט, מ׳פלאנצט:
סעדער, וויינגערטנער און וועלדער;
ס׳ארבעט — יעדער איינער אויף זיין אייגענעם באדן,
און לעבט — א נאטירלעך, געזונט לעבן . . .

מען בויט דעם דריטן בית המקדש
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

* *
*

איך זעה פעלקער . . .

גרויסע, קליינע, שטארקע, שוואכע —
געקומען, געשטאנען און פארשוואונדן . . .
— עס קומט דאם אידישע פאלק!
קומט, שטייט — און שטייט . . .

# מתתיהו החשמונאי און זיינע פינף זין

„מי לד׳ — אלי!״ — ווער ס׳איז מיט גאָט זאָל קומען צו מיר! — זיינען געווען די ווערטער פון דעם אַלטן מתתיהו החשמונאי, נאָך דעם ווען ער האָט געטויטעט דעם אידישן פאררעטער, וועלכער איז געווען גרייט צו אָפּפערן א קרבן צו דעם גריכישן אָפּגאָט — זעאוס. אויף זיין רוף האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַלע אידן פון דעם קליין שטעטעלע מודעין (אומגעפער 13 מייל צו צפון זייט פון ירושלים) — גרייט צו אַוועקגעבן זייערע לעבנס פאַר זייער גאָט, זייער פאָלק, זייער תורה און זייער הייליקן צענטער.

מיט אָט דער הייפעלע מענטשן, אָן וועלכע עס איז ער־פאַרונג אין דעם ענין פון מלחמות, אָן ביקס און אָן שווערד, איז דער גרייז־גרויער מתתיהו החשמונאי ארויס צו פירן מלחמות מיט דער קאָלאָסאַלער ארמיי פון אנטויכס עפיפאַנעס (קעניג), פון וועלכער יעדער איינער איז געווען א מלומד מלחמה און באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס.

אויסער דעם אויסערלאכן שונא האָט מתתיהו פאַר זיך געהאַט אויך אַן אינערלאכן שונא — די מתיונים, די העלע־ניזירטע אידן, וועלכע האָבן באַשלאָסן, צוליב עקאָנאָמישע מאָטיוון, צו פארבייטן זייער תורה און זייערע גייסטיקע טראַדיציעס אויף די קערפּערלאַכע פארגעניגנס פון די גריכן. זיי האָבן שנעל אַדאָפּטירט די גריכישע שפּראַך, די מנהגים, די קליידונג, — און איבערהויפּט — דעם גריכישן ספּאָרט. זיי האָבן אַוועקגעגעבן זייערע יונגע קינדער אין ספּעציעלע ספּאָרט־שולעס כדי צו אַנטוויקלען זייער פיזיק אויפן שטייגער פון די גריכן.

אָבער מיט די מעשים־תעתועים האָבן זיך די מתיונים נאָך ניט באַנוגנט. פילע פון זיי האָבן אפילו געהאָלפן

אנטיוכס׳ם מערדערלאכע תלינים צו אויסגעפינען די באַ־
האַלטענע ערטער פון די אידישע פּאַטריאָטן, די חסידים,
וועלכע פלעגן אויפן אָרט געטויטעט ווערן פאר פּראָפּאַגאַנ־
דירן צווישן זייערע ברידער צו פארבלייבן לאָיאַל צו זייער
גאָט און זייער תורה. אין איין פאַל זיינען 1000 אידן: מענער,
פרויען און קליינע קינדער, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן
אין א הייל פון אַנטיוכס׳ם מרגלים, פארברענט געוואָר׳ן
לעבעדיקערהייט בּאַ די לעצטע, בלויז צוליב דעם ווייל זיי
האָבן זיך אַנטזאגט צו פארטיידקן זיך, כּדי ניט צו מחלל
שבת זיין.

געגן אזעלכע צוויי שטאַרקע און ביטערע שונאים איז
מתתיהו מיט זיינע פינף זין ארוים צו פירן א קאַמף. מתתיהו
מיט זיין קליין אַרמיי פלעגן פּלוצלינג אָנפאַלן אויף קליינע
שטעטלאך און דערפער, צוברעכן און פארניכטן די מזבחות,
וועלכע זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן צו די גריכישע אָפּ־
געטער, באַשטראָפן די איינוואוינער פאר סימפּאַטיזירן מיטן
שונא, אַטאַקירן די העלעניזירטע אידן, און מל זיין די ניט
גע׳מל׳טע קינדער.

ווען דער אלטער מתתיהו האָט דערפילט, אז ער גייט
שטאַרבן (אין יאָר 167 ב. ק.), האָט ער צוגערופן זיינע פינף
זין צו זיין טויטן בעט און האָט זיי אָנגעזאָגט צו פאָרטזעצן
דעם קאַמף מיט די שונאים, אויב אפילו זיי וועלן דארפן
אַוועקגעבן זייערע לעבנס (פארן טויט האָט מתתיהו ערוויילט
זיין זון שמעון אלס ראַטגעבער און יהודה׳ן — אלס פירער
פון דער ארמיי).

און אזוי איז טאַקי געווען. מתתיהו׳ס פינף זין האָבן
גאָט׳ס קאַמף ניט אויפגעגעבן; זיי האָבן געקעמפט אזוי לאַנג
ביז זיי האָבן ארויסגעטריבן דעם שונא פון ירושלים. אום־
געפער צוויי יאָר נאָך מתתיהו׳ס טויט זיינען אונזערע
העלדן אריין אין ירושלים, צובראָכן און פארניכטעט אלע
מזבחות מיט די סטאַטוען, וועלכע די רשעים האָבן דאָרט
אוועקגעשטעלט, האָבן פאררריכט דעם בית המקדש, אויס־
געבויט א נייעם מזבח, נייע כלים געשאפן, און מיט גרוים
פרייד און זיג אריין געקומען אין בּית המקדש, דעם פינף־

און־צוואַנציגסטן טאָג אין כסליו, צו פּראַווען דעם יום טוב חנוכה.

„על הנסים ועל הפורקן...״!

אָבער מיט דעם האָט זיך נאָך דער קאַמף ניט געענדיקט. באַלד נאָך דעם גרויסן נצחון האָבן נייע וואָלקנס באַדעקט די הימלען פון אונזערע הייליגע גבורים. די שכנה׳שע מלוכה־לאַך פון ארץ ישראל האָבן ארומגערינגלט די אידן, ווי ביהנען, פון אַלע זייטן, מיט דעם געדאַנק — צו פאַרניכטן דאָס גאַנצע אידישע פאָלק; די פּלישתים — פון דרום־מערב זייט, די פיניקער — פון צפון־מערב זייט, די עמונים — פון דעם „עבר הירדן״ זייט, די אדומים — מזרח זייט, די סירי־אַנער און מאַקעדאָניער פון ארום אַלע געגנטן. יהודה המכבי האָט צושיקט זיינע מענטשן אויף אַלע זייטן, און אין א משך פון א קורצער צייט, זיינען אָט די אַלע שונאים צוקלאַפּט געוואָרן.

צוויי יאָר צייט האָט געהערשט א רואיגקייט אין ארץ ישראל. אין פריהלינג, 162 ב. ק., האָט זיך די מלחמה ווידער צופלאַקערט צווישן די סיריאַנער און די אידן, צוליב דער שולד פון די מתיונים. די לעצטע האָבן זיך געווענדט צו אנטי־יוכס׳ן דעם פינפטן (זון פון אנטיוכס עפּיפאַנעס) נאָך הילף געגן די חסידים, וועלכע האָבן באַשלאָסן, איינמאָל פאַר אַלע מאָל, צו פאַרניכטן זייערע פאַררעטער, די מתיונים.

איינער נאָכ׳ן אַנדערן זיינען מתתיהו׳ס פינף זין געפאַלן אויפן שלאַכט־פעלד, מיט זייערע אויסערלאכע און אינערלאכע שונאים, אין א משך פון 32 יאָר.

(אלעזר איז געפאַלן אין יאָר 162 ב.ק., יהודה — 160, יוחנן — 159 אָדער 160, יונתן — 143 און שמעון — אינם יאָר 135 ב.ק.).

מתתיהו מיט זיינע פינף זין האָבן געצייגט דעם אידישן פאָלק דאָס פאָלגענדעס: א) אז יעדער איד דאַרף זיך מוסר נפש זיין פאַר זיין גאָט, זיין פאָלק, זיין תורה און זיין לאַנד; ב) אז יעדער איד, סיי אַלט סיי יונג, מוז באַזיצן א געוויסע מאָס פון זעלבסט־ווירדע. יעדער איינער, אָן אויסנאַם, מוז זיין גרייט צו פאַרטיידיקן, אונטער אַלע אומשטענדן, זיין

אייגענעם „איך" און דעם „איך" פון זיין נאַציאָנאַליטעט. מען דאַרף זיך ניט באַהאַלטן אויף בוידעמער, אין קעלערס, אין לעכער און אין היילן. אויך דאַרף מען ניט אויסשטרעקן די האַלדז צו יעדן מעסער, אונטערשטעלן די הענט און די פיס צו יעדן שווערד פון דעם שונא. מען דאַרף מיט שטאָלץ און קוראַזש באַגעגענען דעם פיינט. אויב יאָ שטאַרבן, זאָל מען שטאַרבן ווי א זעלבסט־ווירדיקער מענטש און ניט ווי א הילפלאָזע באַשעפעניש; און ג) מתתיהו מיט זיינע פינף זין האָבן צום ערשטן מאָל געצייגט דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, אז אויב מען קען טויטן דעם קערפּער פון א אידן, קען מען אָבער בשום אופן זיין גייסט ניט באַזיגן. דער איד שטאַרבט, — זיין גייסט אָבער בלייבט לעבן.

מתתיהו און זיינע פינף זין, — עהרע זייער אָנדענק !

# המן — דער פאָטער פון „מאָדערנעם" אנטיסעמיטיזם

„ישנו עם אחד מפוזר ומפורד בין העמים, בכל מדינות מלכותך, ודתיהם שונות מכל עם, ואת דתי המלך איגם עושים, ולמלך אין שווה להניחם" (מגלת אסתר ג׳, ח׳). עס איז פאראן איין פאָלק (ניט זאָגנדיק אים ווער דאָס פאָלק איז), וועלכע איז צוזייט און צושפרייט צווישן די פעלקער, וועלכע באַוואוינען די מדינות פון דיין מלוכה; זייערע געזעצן זיינען אַנדערש ווי די געזעצן פון אַנדערע פעלקער, און די גע־זעצן פון קעניג טוען זיי ניט, און דארום בעצאָלט זיך ניט פאר׳ן קעניג צו לאָזן זיי לעבן.

„ א פאָלק, וועלכע איז צוזייט און צושפרייט איבער אלע מדינות", וואו מען גיט זיך א קעהר און א דריי, באַגעגנט מען א אידן. די אידן פארנעמען אלע אינטעליגענטע פראָ־פעסיעס, ווי: מעדיצין, יוריספרודענץ, פראָפעסאָרשיפ אין אוניוועריזיטעטן, קונסט, א .א. וו. ; אידן זיינען די פירער פון גרויסע באַנק געשעפטן, פון ריעל עסטייט (אייגנטום פון הייזער), פארשידענע אינדוסטריען, קאָאָפעראטיוון און פון דעפּאַרטמענט קראָמען; אידן פארנעמען די וויכטיגסטע עמטער אין די רעגירונג דעפּאַרטמענטס; אידן קאָנטראָלירן די גרעסטע פּאָליטישע פּאָזיציעס וואו נאָר זיי געפינען זיך.

„זייערע געזעצן זיינען אנדערש ווי די געזעצן פון אנדערע פעלקער", זיי פארקלייבן זיך אין געטהאָס, בויען דאָרט שוהלען, תלמוד תורה׳ס, ישיבות און בתי מדרש לרבנים; זיי היטן אָפּ זייערע שבת׳ים און ימים טובים, זייערע דינים און מנהגים; די אידן אלם א כלל, ווילן זיך בשום אופן ניט אסימילירן.

„און די געזעצן פון קעניג טוען זיי ניט", זיי באַמיען זיך, מיט זייער גאַנצער ענערגיע, צו אויסדרייען זיך פון אלע פליכטן, וועלכע א בירגער דארף טאָן אין באַצוג צו זיין לאַנד אין וועלכער ער געפינט זיך. זיי דרייען זיך אוים פון מיליטער דינסט ווי ווייט מעגלאך זיי קענען; זיי ברעכן אונטער די סאַמע יסודות פון דער מאָראַל פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. — אָט דאָס זיינען געווען די טענות פון המן הרשע פאר'ן קעניג אחשורוש.

די מלכי אשור פון אכטן יאָר-הונדערט פאר דער קריסט-לאכער צייט רעכענונג (תגלת פלאסר III [727 - 747], שלמנאסר IV [722 - 727] און סאַרגאָן II [705 - 722] האָבן אזוי ניט גערעט. אויך נבוכדנצר מלך בבל (אין דעם זעקסטן יאָר-הונדערט) האָט אזוי ניט גערעט. פארקערט, ער האָט ערלויבט די אידן אין בבל צו טאָן מסחר, צו עפענען ישיבות, שוהלן און אנדערע גייסטיקע אנשטאַלטן. ער האָט געגעבן די אידן פולע פרייהייט, ווייל ער האָט געגלויבט, אז די אידן קענען און וועלן ענטוויקלען דאָס לאַנד נאָך מער ווי עס איז געווען ענטוויקלט. ער האָט באַטראַכט די אידן אלס א פעאיק און נוצלאך פאָלק. די פארטריבענע אידן האָבן זיך געפילט אין זייער גלות, אין דער צייט פון נבוכדנצר'ן און זיין זון, אויל-מרודאכ'ן, פונקט ווי בא זיך אין לאַנד, אין ארץ ישראל.

המן הרשע איז געווען דער ערשטער צו ארויסקומען מיט אזא באַשולדיקונג געגן דעם אידישן פאָלק. ער איז געווען דער פאָטער פון וועמען די שפּעטערדיקע רשעים האָבן גע'ירש'נט אלע זיינע לאָזונגען.

דער ערשטער צו ירש'נען דעם לאָזונג פון „ודתיהם שונות".. (זייערע געזעצן זיינען אנדערש ווי די געזעצן פון אנדערע פעלקער) איז געווען דער משוגע'נער אנטיוכס עפיפאַנעס, דער סיריען-גריכישער קעניג, וועלכער האָט גע-לעבט מיט אומגעפער 300 יאָר שפּעטער.

אַנטיוכס האָט געהאַסט די אידישע רעליגיאָן מער ווי ער האָט געהאַסט די אידן אליין. ער איז געווען דער גרעסטער שונא פון אידישן גאָט. אנטיוכס האָט פארשטאַנען, אז אזוי

לאַנג ווי די אידן האָבן בטחון אין זייער גאָט, וועלן זיי זיך בשום אופן ניט אונטערגעבן, און ער וועט מוזן פירן מיט זיי א לאנגן און ביטערן קאַמף. און דארום האָט דער רשע באטראכט דעם אידישן גאָט אלס א פערזענלאכן שונא, וועלכן ער מוז, אונטער אלע אומשטענדן, באזיגן (פון אנטיוכס'ן האָט זיך אפיציעל אָנגעהויבן דער „פּאָליטישער" אַנטיסעמיטיזם). און אין איינקלאַנג מיט זיין באשלוס (צו מלחמה האַלטן מיט גאָט), האָט דער רשע ארויסגעגעבן א גאַנצע ריי פון גזרות געגן דער אידישער רעליגיאָן.

נאָך אַנטיוכס'ן זיינען געווען די רוימישע קעניגן־רוצחים, ווי טיטוס און אדריאַנוס, וועלכע האָבן גע'ירש'נט המנ'ס לאָזונג פון „ודתיהם שונות". זיי האָבן אויסגע־שוחט'ן, אין דעם נאָמען פון אָט דעם לאָזונג, הונדערטער טויזנטער אידן, חרוב געמאכט דעם צווייטן בית המקד"ש און די איבעריקע אידן צוואָרפן איבערן גאנצן נאָענטן מזרח.

ווען דאָס פינסטערע קריסטענטום איז געבוירן געוואָרן, און נאָך אים — דער איסלאַם, אין דעם אָנפאַנג פון זיבעטן יאָר־הונדערט *), האָט דער „ודתיהם שונות" אָנגעהויבן צו אָננעמען א נאָך שאַרפערן כאַראַקטער. דער „פּאָליטישער" אנטיסעמיטיזם איז געוואָרן אַלט און אָפּגעלעבט, און דארום האָט ער געמוזט אָפּטרעטן זיין פלאַץ דעם אזוי־צו־זאָגן, „רע־ליגיעזן" אנטיסעמיטיזם.

סיי דאָס קריסטנטום און סיי דער איסלאַם האָבן גאָר־ניט געהאַט געגן דער אידישער אמונה; פארקערט, זיי ביידע האָבן געהאַט גרויס דרך ארץ פאר דער לעצטער. זייער יחס צו די הייליקע ערטער אין ירושלים, איבערהויפּט צו דעם אָרט אויף וועלכן דער בית המקדש איז געשטאַנען, איז געווען א יחס פון יראת הכבוד. זיי ביידע אָבער האָבן שרעקלאַך געהאַסט די בעלי בתים פון אָט די הייליקע ערטער — דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, ווייל יעדער איינער פון זיי, וועלנדיק צו האָבן די אויבערמאַכט, האָט געוואָלט,

*) מאכאמעד, דער פירער פון איסלאַם, דער גרויסער נביא פון אראַביע, איז געבוירן געוואָרן אומגעפער אין דעם יאָר 570.

אז די אידן זאָלן אָננעמען זיין רעליגיאָן *). און דארום, אזוי שנעל ווי דער איסלאַם האָט פארכאַפּט די מאַכט אין דעם נאָענטן מזרח (באַלד נאָך דעם טויט פון מאָכאַמעד׳ן, אין יאָר 632), האָט זיך אָנגעפאנגען, פאר די אידן פון דער קריסטלאַכער שפּאַניע **), א סדרה פון צרות. פילע פון זיי האָבן זיך גע׳שמד׳ט, און נאָך מערערע זיינען געווען גע־צוואונגען, כדי זיך צו רעטן פון שמד, צו עמיגרירן.

די פריינדשאפט, וועלכע האָט זיך געשאפן צווישן די אידן און אַראַבער, צוליב דעם וואס די ערשטע האָבן גע־האָלפן די לעצטע צו פארכאַפּן די מאַכט, האָט אָנגעהאַלטן אונגעפער 150 יאָר. אין מיטן פון דעם ניינטן יאָר־הונדערט, האָבן די אראבער אָנגעפאנגען צו רודפ׳ן די אידן מיט דעם זעלבן האַס, מיט וועלכן זיי האָבן גע׳רודפ׳ט די קריסטן. די אידן פון בבל, דאָס הארץ פון אידנטום, האָבן געמוזט טראָגן געוויסע קליידער (א געלן צייכן אויף זייערע קליידער, און אנשטאט א גארטל, האָבן זיי געדארפט זיך באַנוצן מיט א גראָבן שטריק). שוהלן און קירכעס זיינען פארביטן גע־ווארן אויף מאָסקען; אראבישע לערער איז געווען פאר־באָטן צו אונטערריכטן אידן און קריסטן. ביידע, סיי אידן און סיי קריסטן, האָבן ניט געקענט האַלטן מלוכה שטעלעס.

אין דעם דרייצענטן יאָר־הונדערט האָט די מוטער — „רעליגיעזער" אַנטיסעמיטיזם, געבוירן א קינד, וועלכן די געשיכטע וואָלט געדארפט א נאָמען געבן „וויסענשאַפטלא־כער" אַנטיסעמיטיזם.

די קריסטלאַכע וועלט, וועלכע האָט געוואוסט, אז אין דעם תלמוד ליגן די גרויסע כחות וואס האָבן ניט דערלאָזן, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל אונטערגיין, וויסנדיק אז די גמרא האָט באשיצט די אידן פון אירגענד וועלכן קריסטלאַכן איינ־פלוס, האָבן געהאַט גוטע אורזאַכן פיינט צו האָבן דעם

---

*) די קריסטן האָבן אויך געטראָגן א שנאה אויף די אידן (און טראָגן איר נאָך ביז היינטיקן טאָג) פארן טויט פון קריסטוס׳ן.

**) אין אָנפאַנג פון דעם אכטן יאָר־הונדערט (711) האָט דער איסלאַם פארכאַפּט די מאַכט אויך אין שפּאַניע.

לעבנס-ספר פון דער אידישער נאציאָן. דער תלמוד איז גע־שטאַנען ווי אַן אייזערנע וואנט צווישן דעם תנ״ך און די פאַלשע אויסטייטשונגען וואס די קריסטן האָבן אין אים אריינגעטייטשט. שוין אין דעם נייעם טעסטאַמענט זיינען פאראַן אָנגריפן אויף די גרינדער פון תלמוד, די פרושים, און פון דאַמאָלט־אָן האָבן די פאָרשטייער פון דער קירכע ניט אויפגעהערט צו אַטאַקירן דעם תלמוד ביי יעדער געלע־גענהייט, און אין דרייצענטן יאָר־הונדערט האָט מען זאָגאר פארברענט דעם תלמוד עפענטלאך אין פאַריז, צוליב א צו־פאַל, פון וועלכן מיר וועלן ריידן אין דעטאַל.

אין דער שטאָט ראשעל, צפון פראַנקרייך, האָט געלעבט א איד, א בר־אורין, מיט׳ן נאָמען דאָנין (אָדער דונין). דער דאָזיקער דאָנין איז אריינגעווארפן געוואָרן אין חרם, בא די רבנים פון פראַנקרייך, צוליב זיינע אפיקורס׳ישע דעות, וועל־כע ער האָט ארויסגעזאָגט אין באַצוג צו דעם תלמוד. זייענדיק אויפגעבראכט אויף די רבנים, האָט דאָנין, אונטער דער השפעה פון חרם, באַשלאָסן צו שמד׳ן זיך. אבער מיט דעם אליין האָט ער זיך ניט באַנוגנט. ער איז אוועק צו דעם פאַבסט, גרעגאָריוס דעם ניינטן, און האָט געזאָגט אז דער תלמוד ענטהאַלט אין זיך א סך מאַטעריאַל, וועלכער איז גע־שאַפן געוואָרן ספּעציעל געגן דעם קריסטנטום. ער האָט אָנ־געשריבן 35 ארטיקלען אין וועלכע ער האָט זיך געצילט צו איבערצייגן דאָס פאָלגנדע: א) דער תלמוד ענטהאַלט אין זיך א סך טעות׳ן און נארישקייטן; ב) ער ענטהאַלט אין זיך אסך געדאנקען געגן גאָט; ג) ער דערלויבט די אידן אָפּצונאַרן די קריסטן און ד) ער לעסטערט דעם נאָמען פון קריסטוס׳ן, זיין מוטער און די קירכע. אלס רעזולטאַט פון אזא מסירה, זיינען 24 וועגענער, אָנגעפּאַקט מיט ספרים פון תלמוד און אַנדערע, פארברענט געוואָרן עפנטלאך אין פאַריז, אין יאָר 1242. די זעלבע זאך האָט שפּעטער פּאַסירט אויך אין אנדערע שטעט אין פראַנקרייך. אָט די פּאַסירונג האָט פארשפּרייט א חשד צווישן דער גאַנצער קריסטלאכער וועלט אין באַצוג צו די אידישע ספרים.

אָבער ניט אייביק האָט דאָס קריסטנטום געקענט אָנ־

גיין מיט זיינע מעשים תעתועים. נייע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן. מענטשן האָבן זיך ארומגעקוקט וואס די קריסטלאכע אמונה טוט אויף: כלפּי חוץ — שחיטות אויף אידן און מוסולמאַנער, און כלפּי פּנים — שרעקלאכע קאָרופּציע מצד דעם פינסטערן קלעריקאַליזם. און אין אָנפאנג פון זעכצענטן יאָר־הונדערט האָט אויסגעבראָכן א מלחמה געגן דער קירכע, אונטער די פּייאיקע פירער, ווי: יאָאַן וויקליף פון ענגלאנד, יאָאַן הוס פון באָהעמיע, עראַסמוס פון האָלאנד, מאַרטין לוטהער פון דייטשלאַנד און צווינגלי פון שווייצאַריע. די דאָזיקע מלחמה ווערט אָנגערופן די „רעפאָרמאַציע" באוועגונג. מענטשן זיינען געוואָרן ווייניקער רעליגיעז און מער מאַטעריאַליסטיש געשטימט.

(הגם די „נייע ווינטן" האָבן אָנגעהויבן בלאָזן נאָך מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק. אין משך פון דרייצענטן און פערצענטן יאָר־הונדערט, זיינען אָנגעגאַנגען פאָרשונגען אין א סך לענדער פון אייראָפּע, וועגן פארשידענע מאַטעריעלע זאכן, ווי צום ביישפּיל: די קונסט ווי צו מאַכן גאָלד פון ביליגערע מעטאַלן (אלכעמיזם), א שטודיום, דורך וועלכן מען זאָל קענען אויסגעפינען דעם מזל פון מענטשן דורך די שטערן (אסטראָלאָגיע), א. א. וו. איינער פון די ערשטע אָנזאָגער, אז א נייע צייט קומט אָן, איז געווען דער גרויסער וויסנשאַפטס מאַן פון פלאָרענץ, איטאַליע: לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי (1452-1519), א מאַן מיט אַן אויסערגעוויינלאכן חוש פאר אלעם וואס האָט א שייכות מיט מאַטעריאַליזם. ער איז געווען א נאַטוראַליסט, אַן אַנאַטאָמיסט, אַן אינזשינער און אויך א גרויסער קינסטלער. אַ צווייטער גרויסער מענטש פון יענער צייט איז געווען קאָפּערניקוס (1473-1543), וועלכער איז געווען דער ערשטער צו מאַכן א קלאָרן אַנאַליז וועגן דער באוועגונג פון די הימלישע קערפּערס, און צו צייגן אז די ערד באַוועגט זיך ארום דער זון. אויסער די צוויי גדולים זיינען ארויפגעקומען, אין יענער צייט, אויף דער בימה פון לעבן, אנדערע גרויסע וויסנשאַפטס לייט).

אָבער די לאַגע פון דעם וועלט אידענטום האָט זיך פון דעם ניט פארבעסערט. ניט מער ווי דער לאָזונג פון דעם

אַנטיסעמיטיזם האָט זיך געביטן: אַנשטאָט די רדיפות אויף די אידן אין נאָמען פון „ודתיהם שונות", האָבן אָנגעהויבן צו פאָרקומען רדיפות אויף אידן אין נאָמען פון „ישנו עם אחד מפוזר ומפורד" (אידן געפינען זיך אומעטום, און פאַרנעמען אַלע פּרנסות; זיי בּארויבּן די ניט־אידישע בּאַפעלקערונג). דאָס הייסט, אַנשטאָט דעם „רעליגיעזן" אָדער „ווי־סענשאַפטלאַכן" אַנטיסעמיטיזם (אָדער בּיידע צוזאַמען), איז געקומען אויף דער וועלט דער „עקאָנאָמישער" אָדער „מאָדערנער" אַנטיסעמיטיזם. און מיט 100 יאָר שפּעטער קומט פאָר, צוליבּ עקאָנאָמישע אורזאַכן, אַ גאַנצע ריי פּאָגראָמען אויף די פּויליש רוסישע אידן.

די ווילדע קאָזאַקן, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון בּאָגדאַן כמעלניצקי, האָבן אויסגעשלאַכטעט איבּער 250,000 אידן אין אַ משך פון 10 יאָר צייט (1648-58). די גאַנצע שולד, פאַר די עקאָנאָמישע רדיפות, וואָס די קאָזאַקן האָבן געהאַט אויסצושטיין פון די רייכע פּריצים (זיי האָבן געדאַרפט צאָלן שטייער פאַר יעדן ניי־געבּוירענעם קינד, פאַר יעדער חתונה, א. א. וו.), האָבן זיי געוואָרפן אויף די אידן.

און אויבּ בּאָגדאַן כמעלניצקי מיט זיין בּאַנדע האָבן געהאַט צו בּאַקלאָגן זיך אויף די אידן בּלויז פאַר'ן „עם מפוזר ומפורד", זיינען געקומען די רוסישע צאַרן (די ראָמאַנאָווס) מיט זייערע משרתים און האָבן צוגעשטעלט נאָך איין קלאַגע געגן דעם אידישן פאָלק — די קלאַגע פון „ואת דתי המלך אינם עושים" (די געזעצן פון קעניג טוען זיי ניט).

און אין דעם נאָמען פון אָט די צוויי לאָזונגען, האָבן די רוסישע מיניסטאָרן, גובערנאַטאָרן, איספּראַווניקעס און פּריסטאַווס גענומען פאַרפאָלגן די אידן; מען האָט גענומען טרייבּן די אידן פון דאָרף אין שטאָט און פון איין שטאָט צו דער צווייטער. מעוברת'ע פרויען זיינען מפּיל, די קינדער שפּאַלטן די הימלען מיט זייערע געשרייען, פאַטערס חלש'ן צום טויט, — און זיי, די רוצחים, האָבן קיין רחמנות ניט, — זיי וואַרפן, טרייבּן און שלאָגן מכות רצח. און מיט'ן טרייבּן פונם דאָרף אליין בּאַנוגנט מען זיך ניט; מען שלאַכטעט אויס, קאַלט־בּלוטיק, צענדליקע טויזענטער אידן, מען איז מאַנס הונדער־

טע אידישע מוטערס און טעכטער, און מען דערשטעכט צום טויט הונדערטע אידישע קליינע קינדער.

מיט די זעלבע צוויי טענות קומט איצט היטלער. ער טענה'ט: די אידן זיינען „מפוזר ומפורד" — זיי שטויסן ארוים די דייטשן פון אלע זייערע פרנסות, „ואת דתי המלך אינם עושים" — און פאר דייטשלאַנד טוען זיי אבסאָלוט גאָרניט, — „ולנו אין שווה להניחם" — מוזן מיר זען פּטור צו ווערן פון זיי. און ווידער פּאָגראָמען! און ווידער גירושים!

המן הרשע האָט געשאפן די לאָזונגען פון „מאָדערנעם" אנטיסעמיטיזם; ער איז דער פאָטער פון דעם „מאָדערנעם" אַנטיסעמיטיזם (צוליב דעם קענען מיר אים ביז היינטיקן טאָג ניט פארגעסן...); ער האָט אָבער שנעל געכאפּט די מפּלה. ניט קיין קלענערע מפּלה האָבן אויך געהאַט זיינע יורשים — די ראָמאַנאָוום (וועמענס דינאַסטיע האָט עקזיס־טירט איבער 300 יאָר); א שנעלע מפּלה וועט אויך קומען אויף היטלער'ן, ימח שמו!